* * *

מיט אַ קלומעקל
און מיט מיינע צוואַנציק יאָר,
אַ נידעריטשקער און אַ דאַרינקער,
מיט אויסגעקרימטע פיסלעך,
אין צעריסענע, פאַרשטויבטע שטיוועליעטן,
און מיט אַ קאָפּ געקרויזטע האָר
פון אונטער היטל דעם סאָלדאַטישן
דעם גלאַנציק־פּעטן,
אַראָפּגעקומען בין איך אין דער גרויסער שטאָט
צו די פּאָעטן.
אַלע מענטשן פון דער גרויסער שטאָט
קוקן נאָך מיין הולך און מיין טראָט.

גראָבע יונגען גייען מיך פאַרביי
און לאַכן אינעם פּנים מיר אַריין.

ווי אַ שיכור כ׳וואָלט אַ פריילעכער געווען,
וואָס יעדערער מיך הפקרדיק דערקענט.

ניט שוין זשע איז באַוווּסט זיי שוין דער סוד
פון מיין קומען אָט אַהערצו אין דער שטאָט?

אַז ווער זשע קאָן עס שטויסן זיך אויף דעם,
אַז אין קלומעקל אין מיינעם, אין אַ העמד —

איינגעוויקלט, איינגענייט און איינגעדרייט
מיינע לידער מיט אַ לעבל ברויט?

ניין, זיי ווייסן ניט, זיי ווייסן ניט געוויס,
וואָס אין קלומעקל אין מיינעם, וואָס סע איז.

* * *

גיי איך שטאָלץ, מע זאָל ניט ווייסן,
דעם געקרויזטן קאָפּ פֿאַרריסן.

כ׳האָב געהאַט אַ גרוס אַ קלאָרן —
האָסט אַ טאָכטערקע געבאָרן.

און דיין מאַן — אַ יונג אַ בראַוווער
און דווקא ניט קיין קוטשעראַוווער.

ווערט ער, מיין פֿאַרדראָס, צערונען...
כ׳זע דיך היינט אין זיבן זונען.

און איך שיק אַ טעלעגראַמע:
— אַ גרוס דיר, יונגע מאַמע!

* * *

כ׳האָב קליינערהייט זיך שטאַרק געשעמט
די לידער מיינע לייענען דער מאַמען.
אַרומגעטראָגן זיך מיט זיי אין שטוב, ווי אין דער פרעמד,
און ס׳פלעגן מיר די באַקן מיינע פלאַמען.

איך פלעג אין אַלקערל אין פינצטערן אַריין,
איבער די זייטעלעך פּאַפּיר געהיים זיך בויגן.
און איצט, מיר דאַכט, אַז זי האָט סיי ווי סיי
געלייענט יעדעם ליד אין מיינע אויגן...

# דער קוקאַוועס בענטשן

װען איך זאָל װעלן דער קוקאַװע גלויבן,
און זי האָט דאָך מיר אַזוי געשװאָרן,
איז מיר אָנגעצייכנט פון אויבן
נאָך אָפּצולעבן אַ שאָק מיט יאָרן.

אַ פויגל זאָל אַ מענטש אַזוי פאַרגינען,
דאַרף מען דאָך די קוקאַװע שטאַרק ליבן.
װען כ׳בין געגאַנגען פאַרביי װאַלד באַגינען,
האָט זי היינט אַ ביסל איבערגעטריבן:

„קו־קו" און „קו־קו" אָן אַ סוף, אָן אַן ענדע.
ס׳קאָן דאָך ניט זיין, איך זאָל אַזוי לאַנג לעבן.
װען ס׳איז אַזוי, װאָלט איך אין אַרענדע
אַ טייל פון מיינע יאָרן אָפּגעגעבן.

אָדער איך װאָלט זיי גלאַט מיינע פריינד צעטיילן,
און װער װאָלט דאָס ביי מיר ניט גענומען קיין יאָרן?
איך גיי פאַרביי װאַלד און הער ניט אויף צו ציילן,
אין אַ באַגינען, אַ ליכטיקן, קלאָרן.

און כאָטש כ׳בין אַן אפּיקורס, װי די מערהייט מענטשן,
און איך װייס, אַז דאָס איז אַלץ אַ ליגן,
נאָר אין אַ זומער־פרימאָרגן איז דער קוקאַװעס בענטשן
צו הערן אַ פאַרגעניגן.

* * *

הינטער הויכע בערג
און הינטער טיפֿע ימען
וואָלט איך זיך באַהאַלטן
פֿון די אַלטע גראַמען.
כ׳רוף זיי ניט און כ׳בעט זיי ניט,
וויל פֿון זיי ניט וויסן,
לויפֿן זיי אַנטקעגן,
נייגן זיך און גריסן
אַזוי צערטלעך־נאָכגיביק
מיט אַ צוזאָג־שמייכל.
אָפּגענוצטע גראַמען
האָבן אָבער שׂכל,
ווי מיך צו פֿאַרינאַדיען,
כ׳זאָל פֿון ליבשאַפֿט ווידער
אויף די הענט זיי טראָגן
אין די נייע לידער.

* * *

מעגסט פלאַנטערן אַן אָלכע מיט אַ בוק,
אַ סאָסנע פון אַ יעל ניט אונטערשיידן,
נאָר סטאַרע זיך ניט זיין צו טיפזיניק, צו קלוג,
מיט מענטשן שיין און פשוט זאָלסטו ריידן.

ווייל ווערטער האָבן אויכעט צאַרטע הענט
און זיינען דין, ווי בייגעוודיקע שטאַמען.
ניט דריי זיי און ניט ברעך זיי און ניט שענד,
ניט שטופ מיט כוח זיי אין דיינע גראַמען...

# איך ווינטש

אַ מענטש גייט מיט ווענטקעס צום טייך. אין געדאַנק
איך ווינטש אים, ס'זאָל שפּרודלען מיט שפּע זיין פאַנג.
באַהאָנגען מיט פיש ר'זאָל זיך קערן צוריק,
אַ מידער, מיט פייערלעך זשוואַווע אין בליק.
אַ יעגער אין וואַלד גייט, אויך אים אין געדאַנק
איך ווינטש, ס'זאָל פאַרווירקלעכן זיך זיין פאַרלאַנג:
מיט שמחה אַרוים זאָל זיין פרוי אויף דער שוועל,
אַ פוקס אויף זיין אַקסל דערזעען — גאָלדיק-העל.
כ'זע קינדער. ס'האַלט יעדער אַ קאָשעק אין האַנט.
איך ווינטש זיי: קלייבט יאַגדעס אָן פול איבער ראַנד. —
נאָר מיר עפּעס ווינטשן ווייסט קיינער ניט וואָס:
צי שוואָמען, צי ניסלעך, אַ העכט, צי אַ האָז.
און ווער קאָן עס וויסן, אַז כ'נישטער און זוך
דאָס וואָרט, וואָס זאָל ליב זיין און צאַרט זיין, ווי פוך.

* * *

דעם אָנדענק פון מיין פרוי —
העניע שווערדיק

ניט אַנטויש זיך, מיין טויב, ניט אַנטויש.
כ׳וועל נאָך ברענגען דיר מזל אַ קויש.
דאָברע־מזל און ליכטיקע וואָר.
וואָס זשע שמייכלסטו? גלייבסט דען ניט גאָר? —
— ניין, פאַר וואָס, — ענטפערט שטיל מיר מיין טויב, —
אין דיין גוטער כּוונה איך גלויב.
נאָר ס׳איז שווער אויף דער עלטער, באַמערק,
זיך צו דראַפּען אויף גאָלדענע בערג...

* * *

איך פּייל דאָס וואָרט
און שלייף עס אוים
און פורעם.
עס ברענגט מיין האַרץ
אי נחת,
אי יסורים,
און ווי דאָס לעבן
איז צום וואָרט
מיר נייטיק —
די פרייד
צוזאַמען מיטן
ווייטיק.

* * *

אין מחשבות מיינע,
ווי אין גענדז אַ טשאַטע,
האָט אַ בייזער שקאָץ
אַ וואָרף געטאָן אַ שטעקן.
אין זיין טאַטנס טאַטן...
זיך צעפלויגן זיינען זיי
אין אַלע עקן.
האָב איך איצטער יענע אַרבעט —
אומצולויפן
איבער גערטנער,
איבער הויפן
צוריק צונויפטרייבן אין זינען
מיין מחשבות-טשאַטע.

* * *

פאַר וואָס אַזוי צו צווילינגגן מיך ציט? —
צוויי יינגעלעך מיט זעלבע נעזלעך, שטערנס,
מיט פונקט דעם זעלבן ליבן אויגנשניט,
מיט קוטשערלעך, ווי פושקינס און זשול ווערנס,
נאָר ווער פון זיי איז סאַשינקע,
ווער יאַשינקע,
דאָס ווייס איך ניט.
ס'געפעלט מיר, וואָס איך פּלאָנטערביידן,
אָט פונקט אַזוי, ווי כ'קען ניט אונטערשיידן
די פיצלעך שוועלבעלעך די צוויי,
וואָס קוקן שוין אַרויסעט פון דער נעסט,
צי ווי אַ פּאָרל רייפע, פייערדיקע ווײַנשעלעך,
וואָס אויף איין בלעטל דו דערזעסט,
צי גאָר, ווי די צוויי פולע עמער וואַסער,
וואָס אויף די שטייפע אַקסלען מיידלשע צום טאַקט זיך וויגן.
אויף אַלע צווילינגגן איך קוק געשמאַק מיט פאַרגעניגן.
זאָגסטו מיר פּלוצעם:
— גראָבער יונג,
דו ביים זיך בעסער אָפּ
די צונג...

* * *

איך וועל אַ שטילער, באַרויִקטער ליגן,
ניט קאָנען אַפילו קיין שמייכעלע געבן.
איך, וואָס איך פלעג פּאַר געלעכטער זיך וויגן,
קייקלען זיך, קאַטשען דאָס גאַנצענע לעבן.

אַ קופּקעלע מענטשן מיך וועלן באַגלייטן,
יעדער וועט שטייפער די ליפּן פאַרדריקן.
ניט קוקן וועט קיינער אין די אויגן דעם צווייטן.
ווייל אַ געלעכטער וועט אַלעמען שטיקן.

מע וועט זיך דערמאָנען, ווי איך פלעג דאָס לאַכן,
זיך קייקלען און הירזשען, זיך האַלטן ביי זייטן.
וועט מען נאָך פעסטער די ליפּן פאַרמאַכן,
עס זאָל כאָטש קיין חרפּה ניט זיין פאַר קיין לייטן.

מע גייט נאָך אַ טויטן, און מע איז אַזוי מונטער.
עס זאָל ניט באַקומען זיך ווילד און משונה, —
וועט מען שוין בייגן די קעפּ אויף אַרונטער,
מע זאָל ניט צעלאַכן זיך איבער מיין טרונע.

נאָר איינער וועט מערער ניט קאָנען זיך צאַמען
און געבן אַ שאָס מיט געלעכטער מיט גרויסן —
און אַלע נאָך אים וועלן נעמען צוזאַמען
לאַכן, און הילכן וועט נעמען דער דרויסן.

און איך, וואָס איך פֿלעג פֿאַר געלעכטער זיך וויגן,
קייקלען זיך, קאַטשען דאָס גאַנצענע לעבן,
וועל מוזן, אַ פּנים, אַ רויִקער ליגן,
ניט קאָנען אַפֿילו קיין שמייכעלע געבן.

## הער זיך איינעט...

— הער זיך איינעט, הער זיך איינעט!
— נו, איך הער שוין, נו, איך הער שוין!
טויזנט מאָל האָסט מיר געטענהט:
הער זיך איינעט, הער זיך איינעט,
און דו רעדסט ניט, און דו קלערסט אַלץ...

— נו, איז הער זיך איין צום לעצטן:
כ׳האָב דיך זייער... זייער... גאָרנישט...
— נו, איז גאָרנישט, טאַקע גאָרנישט.
גיי אַהיים און לייג זיך שלאָפֿן.
כ׳וועל מיט דיר שוין מער ניט ריידן.

. . . . . . . . . . . . . .

אָט אַזוי אין יעדן אָוונט,
ווען מיר דאַרפֿן זיך צעשיידן.

* * *

כ׳האָב ליב דיין קורצן כעס,
וואָס לויפט אָן, ווי אַ שאַרפער ווינט
אויף שטילן וואַסער
און דריקט צונויף די הענט דיינע אין פויסטן
און שטרעקט זיי אויס
ביז עלנבויגנס, אָנגעשטרענגט פאָרויס,
ווי שומרים צוויי פון ביידע זייטן,
קומט צום שטערן צו,
מאַכט פון קנייטשן פיר אַ לייטער,
יאָגט אים דורך און לאָזט זיך ווייטער
און קומט צו לויפן צו די אויגן אַ פאַרשייטער,
שטראָמט אָן אויף זיי אַן אויפגערייצטן ווייטיק,
פאַרגיסט דאָס גאַנצע פנים מיט אַ רויטקייט,
שניידט זיך איין אין ווייטקייט פון די שלייפן,
די אויערן דערגרייכט, —
און פלוצעם פלאַצט
און קײַקלט זיך אין אָנמאַכט אויף די ליפּן,
מאַטערט זיך און זיפעט
און ווערט צערונען
אין אַ ווײלן, ווײלן שמייכל.

* * *

די אַלטיטשקע, וואָס פּונעם מערקל גייט
און טראָגט אין קאָשעק עפּל, פּאָמידאָרן, מערן,
און אויפן האַלדז — פון ציבעלעס אַ קראַנץ,
זי הייבט ניט אָן צו וויסן און צו קלערן,
אַז קוקנדיק אויף איר, איך שעפּטשע שטילערהייט:
אויך מאָרגן זאָלסטו, באָבעשי, זיין גאַנץ
צוזאַמען מיטן מאַרק און מיט דער שטאָט צוזאַמען...
ווייל יעדער נאַכט, מיין גאָט,
איך זע די ערד אין בייזע פלאַמען.

* * *

דער קלאָרער שניי אין פעלד
איז פּוכיק־רונד,
ווי אין אַ דייזשע,
ווען ס׳גייט אויף דאָס טייג.
ס׳וועט וואַרעם זיין אייך, קערנדלעך,
אין גרונט.
עס בלענדט די זון,
איך זשמורע צו אַן אויג.
און ווייל און פריידיק
— אויפן האַרצן ווערט
געבוירן וועט אונדז פּוכקע ברויט
די ערד.

## אַ שטיין צוקאָפּנס

אַ שטיין צוקאָפּנס הייבט ניט אָן מיך
אַרן,
אַבי זיין אָנגעהאָרעוועט, און גרייט
בין איך אויף אים זיך אָנצושפּאַרן,
ווי אויף מיין מאַמעס קישן קליינערהייט,
און קוקן, פילן, ווי ס'איז ווייך
דאָס ווייסע וואָלקנדל
אין בלויער הייך.

* * *

ס׳איז אַלץ ביי דיר
ווי ס׳דאַרף צו זיין:
דער שניי איז ווייס
און רויט דער ווייַן;
און רייך דער קלאַנג
און דער פאַרגלייך;
צום אָרט דער גראַם,
און ס׳האַלט דער
חשבון
פון די טראָפּן.
בלויז ס׳פעלט פון ים
אַ טראָפּן...
זאַלץ,
און אויסער דעם
איז ביי דיר
אַלץ...

* * *

מע לאַכט פון מיר,
מילא,
וואָס אין אַלע מיינע קעשענעס כ'האָלט געלט.
עס וואָלט זיך מיר ניט ווען אויסדערציילן
דעם סוד דעם ביטערן און טריבן פאַר דער וועלט —
די עטלעכע רובליאַקעס מיינע און דאָס מינץ
כ'צעשטעק אַוודאי אין אַ זיבן שטעלן,
ווייל טאָמער וועט מען פון אַ פינף צי זעקס —
אַרויסשלעפן,
זאָל מיר כאָטש אויף דאָס גייטיקסטע ניט פעלן,
כ'זאָל זיין אַן אָרעמער, נאָר דאָך — אַ פרינץ...

* * *

אין דעם ווינטערוואַלד אין אָוונט
עגבערט מיך מיין זינען:
ווו אַנטרונען איז דער מולד? —
כ׳קאָן אים ניט געפינען.

האָט דען ניט אַ שמיד דעם מולד
צווישן אייזן־זאַכן
איינגעטונקט אין פעסל וואַסער
אַ פּאָדקעווע צו מאַכן.

עס זאָל בלישטשען, עס זאָל בלאַנקען,
ווי אַ זילבער־צאַצקע.
קריך איך ביזן בויך אין שניי,
פויזע אויף קאַראַצקעס,

זוך דעם מולד אינעם הימל.
קומט מיר אויף אַ סברה —
איז ער ניט אַראָפּגעפאַלן
צו דעם פוקס אין נאָרע?

און דער זשעדנער פוקס מיט סלינע
לערנט זיין געזינדל:
— אָט אַזוי, זעט, פיקסלעך, אויס
אַ פּאָלקע פון אַ הינדל.

אָדער אפשר האָט אַ וועוורִיק,
אַז די וועלט זאָל שטוינען,
פלינק אַ כאַפּ געטאָן דעם מולד
פון די סאָסנעקרוינען?

נאָר אָט בלייב איך שוין אָן כוחות,
אינעם שניי פאַרזינק איך.
מיט אַ מאָל אין מיינע אויגן
ליכטיק זיך צעפינקלט

— ניט דער דינער סערפּ דער מולד —
ענלעך אויף מיין גימל —
ס׳שווימט אַ קייל׳כיקע לבנה
אינעם בלויען הימל.

## וואָלט איך פרעגן

וואָלט איך איינעם
פון די קאָסמאָנאַוטן באַגעגנט,
וואָלט איך שטילינקערהייט
צו אים צוגיין און פרעגן:
— זאָג מיר, זון מיין געוואַגטער,
מיין האַרציקער, ווילער, —
דאָרטן הויך אין די הימלען,
ביי דעם ליכטיקן מולד,
וווּ די שווערקייט פון קערפּער
אַנטרינט אומגעריכט
און מע וויגט זיך אין רוים,
ווי אַ פלאַם פון אַ ליכט,
זאָג, מיין זון, —
ווען עס ליגט אויפן האַרצן אַ שטיין,
צי ער וואָלט דאָרט פון האַרצן אַראָפּ
אָדער ניין?

## מיין פריינד דעם ווייסרוסישן פּאָעט

מיר דאַכט, מיין ווי אין האַרצן ווערט פאַרשטיינערט.
איך ווייס, אַז זייער־זייער גוט פאַרשטייען מיך
קענסטו, מיין פריינד, ווייסרוסישער פּאָעט.
האָסט היינט אין וואַלד געהערט, ווי מיט די ביימער
אויף ייִדיש האָב איך אויפן קול גערעדט.
דער עכאָ איז זיך הילכיק־פריש צעגאַנגען
איבער דעם האַרבסטיק־סודותפולן באָר.
געוועזן זיינען דיר האַרציק־ליב די קלאַנגען,
און אַלץ פאַרשטאַנען האָסטו דייטלעך־קלאָר.

# ביי דעם דיקטערס מוטער

דעם ווייסרוסישן דיקטער
ריגאָר באַראַדולין געשענקט

אינעם שטעטעלע אושאַטשי
זיין האָב איך אין זינען
ביי דעם דיכטער באַראָדולינס
מוטער אַקולינען.
קאַלטע באָטווינע מיר ברענגען
וועט זי פון איר קעלערל.
ניט דערלאַנגען וועט פון הימל
קיינער אַזאַ טעלערל.
מיינט ניט, אַז איך בין אַזוי
פאַרקאָכט אין דער אכילה —
חיותדיקייט שטראָמט אין הויז
פון ווינקעלעך פון קילע.
ס׳קוקט אין פענצטער אָפענעם
דער קאַרשנבוים אַריין.
וויפל גוטסקייט אין דער מוטערס
טונקלער אויגנשיין.
טראָגט זי שיינע עפל, בערעס,
רוט ניט, כ׳דאַנק און כ׳דאַנק.
קוים וואָס כ׳בעט זי איין, זיך זעצן
זאָל זי אויף דער באַנק.
און די הענט אויף ברוסט פאַרלייגט זי,
זיך פאַרטרוימט, פאַרקלערט...

פיל איך, אַז איר זון דעם ליבנס
קול אַצינד זי הערט.
ס׳איז דער מאַמעס האַרץ אין גאַנצן
דאָרט אין מינסק, ביים זון.
ווייס איך ניט, פאַר וואָס נעמט קלעמען
אויך מיין האַרץ דערפון...

* * *

איך וווין אין וואַלד
און קלאַפּ מיין ליד אויף דער מאַשינקע.
דער פּיקהאָלץ אינעם בוים
קלאַפּט האַסטיקער און פלינקער.

איך גיי צום פענצטער צו,
מיר דוכט, זיין ליד איז שענער:
סיי ריטמישער,
סיי הילכיקער די טענער.

עס שטייען ניט גערירט
די שטאַלטנע סאָסנע־שטאַמען,
זיי הערן מיט געשמאַק
דעם פּיקהאָלצס נייע גראַמען.

* * *

נאָ'נטע ליבע ווערטער,
אותיות געגאַרטע,
כ'האָב פאַר אייך מחשבות
און געפילן צאַרטע.
נאָר אַ שרעק מיך פּייניקט,
ווען איר זאָלט עס וויסן,
ס'דוכט, מע פירט אייך אַלע
הינטער ווענדל שיסן.
און צו צוויי, ווי קינדער,
שורהלע נאָך שורה.
ס'האָט לעבן גרוב דער רשע
שוין אַן אויג פאַרזשמורעט...
אותיות געטרייע,
אין געהאַקטע ווונדן,
ס'ווערן ניט די גרוילן
פון מיין בליק פאַרשוווּנדן.

## לויפט איבערן פעלד־פּאַפּיר...

די געפילן,
מיין נשמה־פייער,
כ'גיב אַריין מיט אימפּעט
אין מיין בלייער.

טוקט ער זיך אין שניי
פון ווייסן בויגן,
דאָס געזיכט צו קילן
און די אויגן.

נאָר עס ווערט אים
פון דעריין ניט גרינגער,
פלאַמען רייסן זיך
פון מיינע פינגער.

איינגעהילט,
אַרומגעכאַפּט מיט פייער,
לויפט איבערן פעלד־פּאַפּיר
מיין בלייער.

# טראָג זיך אָפּ

דו רוק צוריק אין טאַש דיין פלאַש מיט ווײַן
אָן איר מיר דרייט געגנוג זיך היינט דער מות.
איך האָב קיין רעכט ניט זיין זיך משמח,
די ניכטערקייט בלויז קאָן צו מיר אַרײַן,
דער פריינד פון האָרעוואַניע און עקשנות.
איז טראָג זיך אָפּ, איך בעט דיך, בנאמנות,
און זוך זיך אוים אַן אַנדער הויז, אַן אַנדער אָרט —
איך שאַרף און שלייף מיין מעסער איצט — דאָס וואָרט.

# דער קידער־ווידער

אַ ניט־געבעטענער ער קומט,
דער קידער־ווידער.
כ׳האָב איבער אים פֿאַרלוירן פֿריינד
און גוטע־ברידער.

ער ריזלט שטילערהייט אַריין
אין מיין נשמה
און שנעל צעגיסט זיך און צעפּלייצט,
כאָטש שטעל פֿאַראַמען.

דאַכט, פֿון אַ קלייניקייט,
אַ רוגזה, קרומער מינע,
צעבושעוועט זיך מיט אַ מאָל
אַ גרויסע שנאה.

דער כּעס, דער גיפֿט אין מיר
נעמט פֿון זיך קאָכן, ברומען
און כ׳קאָן ניט צוימען זיך
און ניט אַנטשטומען.

עס ווערט מיר שוין אַליין
די אַמפּעריי ניט ניחא.
דאָס אַלץ שוין איבערקומען
וואָלט זיך וועלן גיכער.

אַן עק צו דעם, אַ סוף,
ס'זאָל שלום ווערן ענדלעך,
דעם קידער־ווידער אויסצוראַמען
אויף צוויי שפּענדלעך.

## איך שטעל זיך גאָר ניט פאָר

מיין פראָסטער ריינער העפט,
איך בין מיט דיר באַהעפט,
זיך טייל מיט מיינע ליידן.
דיר געפעלט,
וואָס כ׳טרוי דיר אָן מיין וועלט
און ס׳איז אונדז היימיש ביידן.
און כ׳שטעל זיך גאָר ניט פאָר,
אַוואָסער שוואַרצער יאָר
וואָלט אונדז געקאָנט צעשיידן.

* * *

איך דערקען זיך אַליין ניט,
ס׳ווערט שוין ניט אָנגענעם מיר
אַ צי טאָן אַ קליאַמקע
פון אַ פרעמדער טיר,
כאָטש מע האָט ביז גאָר פריינדלעך
צו גאַסט מיך פאַרבעטן.
ניט קיין אייגענע שוועל —
שווער אַריבערצוטרעטן
און די אויגן אַ הייב טאָן
אויף פרעמדע פיר ווענט.
איך פאַרליר זיך —
ווי האַלטן זאָל איך מיינע הענט?
און עס קלעפּט זיך מיר עפּעס
צום גומען די צונג
און אין האַרצן ביי מיר —
קאַלטער אַש אָן אַ פונק.

# די טרעפלעכסטע שורה

די שוואַלבן די יונגע
אין האַסטיקייט,
בליציקער שנעלקייט
אָן אויפהער זיך איבן.
זיי פליִען שיר־שיר ניט אַריין
אין מיין אָפענעם פענצטער.
ס'קאָן זיין, אַז זיי וואָלטן
מיט פליגעלעך שאַרפע
די טרעפלעכסטע שורה די שענסטע
אין העפטל אין מיינעם
פאַרשריבן.

## דער קלוגער ענטפער

דער קלוגער ענטפער קומט אין קאָפּ מיר שפּעטער.
ווען ער וואָלט קומען אין דער נייטיקער מינוט,
וואָלט איך דאַן ניט געבעבעט וועגן וועטער,
פאַרלוירן ניט געקנייטשט אין האַנט מיין הוט.
ער וואָלט באַפליגלט מיך מיט דרייסטקייט און מיט מוט
און דו (איך וויל עס ווען ניט איז דערפילן),
אַ טראַכט טאָן וואָלסט:
„ס'איז בעסער מיט אַ קלוגן צו פאַרשפּילן"...

# מיין פערד און וועגעלע

אויסגעטראַכט, אויסגעטרוימט זיך
מיינס אַ פערד־און־וועגעלע.
כ׳קריך אין אַלדע שוואַרצע יאָר,
ביים דערנאָך די נעגל זיך.
וויפל מאָל כ׳האָב געשוואָרן
זיין אין שטוב מיט מיין הויזגעזינד
און אין ערגעץ ניט פאָרן.
גייט אַ וואָך דורך, אַ צווייטע,
קומט די ניכפּה דאָס רגעלע,
ציט און שלעפּט מיך: „שוין גרייט איז
דיין פערד־און־וועגעלע...״

* * *

אין הויפּטשטאָט אויף לענין־גאַס, סאַמע אין צענטער,
פאַרמאָג איך צוויי אַלטיטשקע גוטע באַקענטע —
צוויי לייבלעכע שוועסטער, גאָלדע און זעלדע.
עס טרעפט אין אַ זונטיק צו זיי זיך איך מעלדע.

די שוועל פונעם צימער איך טרעט נאָר אַריבער,
זיי נעמען מיך אויפעט מיט היימישקייט ליבער,
מיט טיי און וואַרעניע, מיט אייגענעם פלאָדן.
און איך קום, פאַרשטייט זיך, מיט לידער געלאָדן.

די אויגן מיט גוטסקייט מיט מוטערשער שיינען
ביי גאָלדען און זעלדע — די קריטיקער מיינע.

* * *

**מאַכן גאָמלקעס פון ,שניי...**

**מענדעלע**

כ'האָב ליב דערמאָנען מיט געשמאַק דאָס ווערטל, —
מאַכן גאָמלקעס פון שניי.
אין ווינטערוואַלד, אין אַ באַקוועמען ערטל,
איך שטעל זיך שטיפעריש אַוועק צו קלעפּן זיי.
האַלבקיילעכיקע, שטייף־פאַרשפּיצטע קעזן,
כאָטש פיר זיי אויפן מאַרק קאַפּוליער אָפּ.
ווען ס'וואָלט דערבײַ דער זיידע מענדעלע געוועזן,
וואָלט ער פאַרזוכט און טאָן אַ שאָקל מיטן קאָפּ;
— ניט אַלץ, מײַן בחורל, ניט אַלץ...
וואָס האָט די ווערט אַ גאָמלקע אָן זאַלץ?

## וואָס־זשע קאָן זי אירע ציגעלעך זאָגן

...וואָרנט ווידער די ציג אירע ציגעלעך:
— קיינעם, קיינעם ניט עפנט דאָס ריגעלע.
טאָמער ווייזט ווער אַ לאַפּע אין שויב,
מעג זי ווייס זיין, ווי מיינע, — ניט גלויבט!
פּונקט, ווי איך, קאָן דער וואָלף מעקען דין
און אייך נאַרן: „אייער מאַמע איך בין"...
הייבן ציגעלעך אויף אַ געוויין,
הייבן ציגעלעך אויף אַ געיאָמער:
— שטענדיק ציטערן, טרייסלען זיך — „טאָמער"...
ווי זשע וועלן מיר דעם אמת דערגיין? —
בלייבט די ציג שטיין צעמישט און צעטראָגן.
וואָס זשע קאָן זי אירע ציגעלעך זאָגן?

## ווי קנאַפּ עס איז דער אונטערשייד

מיר איז געגנוג אַ זונענשטראַל,
וואָס שיינט אַריין דורך אַ שפּאַרונע,
און איך דערזע, ווי לעבן שטאַל
האָט עפּעס־וואָס דער האָן געפּונען
און ליאַרעמט, רופט, לייגט איין די וועלט.
ס'איז לעכערלעך, נאָר מיר געפעלט
זיין מאַנצבל־זאָרג, זיין האָנען־פרייד.
ווי קנאַפּ עס איז דער אונטערשייד!
געפין איך בלויז אַ קלאַנג, אַ וואָרט,
צערויש איך אויך זיך אויפן אָרט
און אָן אַן אויפהער רוף און וועק
די גאַנצע וועלט פון עק ביז עק.

## דער שמייכל

אוי, שווער צו דערגיין מיטן שכל,
פון וואַנען זיך הייבט אָן אַ שמייכל.
צי ריזלט ער לויטער און ריין,
צי שלעפט ער ניט מיט איבער גרונט
אַ קויטיקן, שליימיקן שטיין
און זאַלץ אויף מיין וווּנד?

## דער אַנדערער

עס לעבט אין מיר אַן אַנדערער,
איך האָב עס היינט דערשנאַפּט.
און ווען האָט ער זיך גאָר
צו מיר אַריינגעכאַפּט?
און נישט קיין דיבוק איז ער — ניין!
ער שלאָגט איבער מיין האַרץ
און זאָגט צו מיר: ס׳איז שטיין
צו פלאַסטערן דעם שליאַך.
איך הער אים און איך לאַך.
ער גיט אַ שטרענגן בליק:
— דו ווילסט עס ניט פאַרשטיין,
געווען אַ מאָל אַ האַרץ
און איצטער איז עס שטיין —
איך וועל אָפּהאַקן אַ שטיק.

* * *

פֿאַר ווייסע בויגנדלעך פּאַפּיר
אַזאַ מין אימה איך דערשפּיר.
אין האַרץ אַ מלאָסנע קלאַפּעניש,
קיין זיכערקייט, קיין קאַפּל נישט.
ס'ליגט איבער אַ תּהום אַ שמאָלע ברעט
און שפּאַן, אויב דו ביסט אַ פּאָעט!

## מ׳שטיינס געזאָגט

די צעלעכערטע קופּערנע שטאָף
פון דער פריינדשאַפט דיינער און מיינער,
וועל איך אָפּטראָגן דעם קופּערשמיד,
דעם ציגיינער.
איך האָף,
אַז ער וועט אָן בלאָף
פאַרליטעווען,
פאַרניטעווען
און לייגן אַ קופּערנע לאַטע
און ווידער וועלן מיר, מ׳שטיינס געזאָגט,
לעבן בשלום
אין איין כאַטע.

# אין טריאָ מיטן ים־חזירל

דו מיינסט, ס׳איז איינגענעם און זיס
דאָס אייגן הארץ אויף טעלערלעך צעלייגן ?
כ׳וועל ענלעך אויף אַן אַלטן קאַטערינשטשיק —
שטום און טויב,
וואָס קוים זיך שלעפּט אויף זיינע פיס,
פון הויף צו הויף,
אין טריאָ מיטן ים־חזירל
און סיזוער טויב,
פאַר אַלע פענצטער זיך פאַרנויגן
מיט בעטנדיקע אויגן.

# ער האָט מיר שטיל געזאָגט

אַ זעכצניאָריק בחורל בין איך.
אין האַרצן נאָך עד היום כ׳טראָג אין זיך
אָט יענעם צאַפּלדיקן העלן שטראַל.
שוין אָנגעקוואָלן גלאַנצן קנאָספּן
אויף די צווייגן.
פּאַר טאָג,
צוזאַמען מיטן לערער ראָזנצווייגן
באַגלייט צום באַן מיר האָבן
אויפֿן וויטעבסקער וואָקזאַל
אברהם רייזענען... באַדריט
פּאַרטונקלט זײַנען מיר געזעסן אויף איין באַנק,
נאָך אין געפּענקעניש פֿון שלאָף זײַנען געווען די גלידער.
זיך מודה בין איך — מײַן זכרון ניט פֿאַרהיט
האָט רייזענס אָנבליק און דעם קלאַנג
פֿון קול זײַנעם;
דאָס איינציקע, וואָס איך האָב פֿאַרגעדענקט,
ער האָט מיר שטיל אַ זאָג געטאָן פֿאַרבענקט:
— כ׳האָב אויך אַ מאָל געשריבן
ליבע־לידער

## אין מעטראָ

אין מעטראָ,
ווען איך קוק זיך גוט איין
אין דעם מענטשן־המון
נעמט מיר דאַכטן,
אַז יעדן פֿאַרשווין,
יעדן פּנים איך וועל פֿאַרגעדענקען.
נאָר עס שוועבט אַלץ די סטענגע
פֿון פּנימער פֿרישע
און תּיכּף זיך אַלע צעמישן,
ווי שטיינדלעך ביים ים
וואָס די כוואַליעס פֿאַרשווענקען,
פֿאַרווישן.

# צוזאַמען מיט די בלעטער

אין אַ קאַלטן אָסיען־טאָג,
אַז איך קוק פון צווייטן שטאָק
דורך די דאָפּל־פענצטער אויפן הויף, —
אַ מחשבה אין אַ סטראָפע איך פאַרשרויף, —
ווייזט מיר אויס זיך:
ניט דער ווינט די געלע בלעטער יאָגט,
נאָר זיי שפּילן זיך אין „כאַפּערלעך".
ווערט אויף דער נשמה פריילעכער אַ קאַפּעלע
און אין דמיון מיט הנאה כ'קלעטער,
טאַנץ אין קאַראַהאָד צוזאַמען מיט די בלעטער.

## מיר דאַכט

וואָס אָנגעהלומט האָט זיך מיר די נאַכט!
ווען כ׳זאָל אַפילו ווען דיר דערציילן,
ווי ס׳האָבן וויכערס מיך געיאָגט
דורך הושכדיקע היילן,
צווישן פעלדזן־הליבעס,
אין אַלדע שוואַרצע העקן, —
וואָלט מיר אויף דעם, מיר דאַכט,
קיין הונדערט יאָר גיט קלעקן.

## וואָס מער איך זוך

יאָ, אַז מע זוכט, ווי באַקאַנט, געפינט מען, —
אַ זיכערער און אַלטער כלל.
איך האַווע אום און דריי מיך, ווי אַ ווינטמיל,
באַקומט זיך גאָר פאַרקערט, אין יעדן פאַל, —

וואָס מער איך זוך, אַלץ ווייניקער כ׳געפין.
אַרום דיין שטוב איך זשומע, ווי אַ בין,
קלאַפּ אָן זיך אין דיין קלאָרער ריינער שויב,
נאָר דו ביסט צו מיר בלינד און טויב...

## די ערד פֿאַרשטייט

בינם העלערן

אָטכייעט קוים דאָס האַרץ, און גלייך אַנטרינט
די שפּלדיקע שלאַבעריקע אַלטקייט.
דערפֿילסט אויף ס׳ניי דעם פרישן פרילינגווינט,
די בלויע הייך,
די האָפּערדיקייט
און צעשטראַלטקייט.
און אויף די בערג ביסט גרייט
אַרומצושפּרינגען, ווי אַ העזל.
די ערד אונטער די פיס אָבער פֿאַרשטייט,
ווי שווער דיר איז,
און ס׳שטרעקט אַ האַנט דיר אויס
איעדעם גרעזל.

## לאַכט זי

אַזאַ יונגע שטאַלטנע באָבע
מיט אַ שיינעם שוואַרצן צאָפּ
פון באַגינען פליט און האָוועט —
נאָר די אייניקלעך אין קאָפּ.

צו איין אייניק דאַרף זי פאָרן
אין אַ צווייטן עק פון שטאָט,
און דער צווייטער איז אויף דאַטשע,
נאָר דער דריטער — נאָענט גראָד.

גייט זי עס צו פוס דעריבער.
כ'רוף זי דורכגיין זיך אין סאָד.
לאַכט זי: כ'וואַרט אויף נאָך אַן אייניק,
ס'האַלט דערביי שוין... אָט-אָט-אָט...

אירע לעבעדיקע אויגן
גלאַנצן, לאַכן פריילעך מיט.
אַזאַ פיינע יונגע באָבע
מיט אַזעלכע פעסטע טריט...

* * *

איך קאָן עס מער ניט דולדן,
ניט פאַרטראָגן —
כ׳האָב מורא דיר
אַ וואָרט צו זאָגן.

און אינדערויין באַשטייט
די עצם סיבה,
למאי עס גייט אַוועק
די צייט לאיבוד

אויף אָן אַ שיעור צו מעקן,
אויסצושטרייכן,
צו נושא־חן זיין
מיט אַ וואָרט אַ גלייכן.

איך מורמל, שעפּטשע,
פּרעס דעם צונג צום גומען,
נאָר כ׳שפּרינג אַרויסעט
מיט אַ וואָרט אַ קרומען...

# צויבעריאָרן

צויבעריאָרן, פלאי פלאים!
אָונטצייט צו, הימלען בלויע,
וואַרף איך בליקן אויף טשיקאַוועס —
פליט דען ניט אַ כישוף־פאַווע,
צי אַ קאָסמאָס־שיף אַ נייער,
שטערנדלעך פון בראַנד און פייער...
כ'וואָלט נתפּעל ניט געוואָרן,
ווען דערזען כ'וואָלט פּלוצעם בולט,
אַז ביים ליכטיק־יונגן מולד
איז אַראָפּגעקלאַפּט אַ האָרן...

# אוי, ברודער, אַ סך צו דערציילן

פאַרהאַלט מיך ניט, טו מיר אַ טובה,
דאָס פאָר איך אין וואַלד צו די קרובים —
צו סאָסנעס צו הויכע און שטאַלטנע.
איז זיי-זשע מיר מוחל, פאַרהאַלט ניט!
וואָס קוקסטו מיך אָן? גאָט-צו-דאַנקען,
איך בין נאָך ביי אַלע געדאַנקען.
זיך וווּנדערסט — מסוכענע פרעסט,
און כ׳פאָר צו די סאָסנעס אויף קעסט.
איז ווי זאָל איך דיך איבערצייגן —
מסוכן כ׳האָב ליב זייער שווייגן...
און בלויז אין אַ פראָסט אין אַ שטילן
איך קאָן זייער שווייגן דערפילן.
די זון אויף די שטאַמען נעמט בלענדן.
איז וויל מיר צו זיי דאַן זיך ווענדן,
מיט מיינע מחשבות זיך טיילן.
אוי, ברודער, אַ סך צו דערציילן...

# די ערד איז מיט מיר זיכער

אין באַר צווישן קוסטעס, מורעשקעס
און צווייגלעך אויסגעטריקנטע אָן שיעור
מיט אַלע מיינע חושים
דעם רוילעך־זיסן שוואָמען־ריח
איך דערשפּיר.
צי מיט, צי אָן אַ זכר,
אויף מאָך, אויף גראָזן ווייכע
אין גאַנצן זיכער איז די ערד מיט מיר.
אַ גרינינק סאַמעט שטעגל
זי שפּרייט פאַר מיינע פּיס;
זי ווייסט, אַז פרײ׳ר,
צי שפּעטער
כ׳וועל אירער זיין געווים.

## זיי צו מיר מיט חסד

אַלע ווײַלע, אָן אָן אויפֿהער
אויף דער זײַט דער רעכטער
כ׳דריי זיך אויס
און אַרויפֿצו, העכער, מיטן פּויסט
ס׳קישן כ׳גיב אַ שטויס,
מאָסטע, טוליע איין דעם קאָפּ
באַקוועמער, בעסער,
שטייפֿער שליס די אויגן צו
און בעט זיך ביי מיין אומרו:
זיי צו מיר מיט חסד,
שענק מיר סוף כל סוף אַ קאַפּל רו,
אַ זשמענקע שלאָף אויפֿן שפּיץ פֿון מעסער!
נאָר מיין אומרו
מיטן זייגער-אומרו אויף מיין טישל
האָקוס-פּאָקוס ריידן זיך צונויף,
ווי דאָס שפּילצייג — „די צוויי האַלצהעקער", —
איינער קעגן אַנדערן,
טראַסקען זיי אַ נאַכט אַ גאַנצע
אין מיין שלייף...

## לעם וויגשטול

די זאָרגלאָזיקייט פון דער טויב
איז אין לשער —
זי האָט געלייגט איר אייעלע
אין שטרויענעם וויגשטול,
וואָס שטייט אויפן באַלקאָן
פון נייַנטן שטאָק,
ווי איך אַצינדער ווין,
ווי איינער רעדט:
— טראָג דו, ייִדישער פּאָעט,
די אחריות
פאַר מיין המשך
און שוין!
וואָס זשע זאָל איך טאָן? —
שטיי איך מיר אויפן באַלקאָן,
ווי צוגעשמידט
לעם שטרויענעם וויגשטול
און היט
דאָס קליינינקע און שיינינקע
טונקל־בלויע טויבן־אייעלע.

## פון מיינע רוסישע מאָטיוון

1

ווי קאָמיש, איין צייטיק, ווי טריב איז —
זי קאָן מיך ניט אָנזען
און צווינגט מיר צו מאַכן
העוויות,
אַז כ׳ליב זי,
אַז כ׳גיי נאָך איר אוים.
און דראָט מיך —
ניט וואַגן כ׳זאָל טראַכטן אַפילו
אַוועק פון איר הויז.
עס קריכט שוין פון האַלדז מיר
איר פאַלשקייט,
איך רוק צו דער שוועל זיך
און שווייג
און שריי מיט די אויגן —
עס בינדט אונדז אַ פוילע
צעטריקנטע צווייג...

2

מיין איינציקע,
מיין אויסדערוויילטע,
דיר זאָג איך עס מיט קרעמעניעס,
אָן קיין שום פרייד
און ווילטאָג:
מיין ליבשאַפט כ׳שלים
אין גענדזן־פיסלעך איין
און נעם אַריין
אין דאָפּלדיקע קלאַמערן.
כל־זמן, איך וועל ביי דיר
פאַרשטויסן זיין,
וועט שנאה
אין מיין יעדן אָדער האַמערן.

## אין ווילנע

אַזוי ווי אומעטום,
קאָנסט אויך אין ווילנע טרעפֿן
ייִדן טונקלהאָריקע
און ייִדן געלע רמאים.
נאָר אין די סקווערן און אַלייעס,
קיין עין־הרע ניט,
שפּאַצירן חנעוודיקע יונגע מאַמעס
מיט קינדערלעך און רופֿן אויפֿן קול זיי
ביי די נעמען
(עס פּאַלט זיי גאָרניט איין זיך שעמען):
— מאַריאַשעלע און ראַשעלע און לאהלע...
— גענוג שוין, איציקל, צו שיסן פון פּיסטויל.
— אַהערצו, בערעלע, אַהער אַברהמעלע, —
און מאַמעס שטופּן זיי אין מויל:
אַ טערטעלע, אַ לעקעכל, אַ זעמעלע, —
און איינע בעט זיך ממש: — חוהקעלע,
מיין אויג פון קאָפּ,
נאַ, שלינג אַראָפּ
נאָך איין טריסקאַפקעלע. —
אַנטקעגן אויף אַ באַנק אַ מיידעלע
האַלט אין די הענט אַ גרויסע ליאַלקע

און זאָגט צו איר:
— וואָס ווילסטו, פריידעלע? —
און רופט די מוטער:
— גיכער, מאַמע,
זי איז טויט-הונגעריק,
דערלאַנג מיין פריידעלען
אַ שטיקל ברויט מיט פוטער.

* * *

די לויטערע זוניקייט פּושקינס
איז מיר, ווי דאָס לעבן מיינס ליב.
און בלוטיק מיר נאָענט צום האַרצן —
דער שמייכל דער ביטערער היינעס.
נאָר זיין וואָלט דער טאָג מיינער
ווייטיקדיק — אָרעם און טריב,
ווען כ'האָב ניט מיין אייגענע
קליינינקע זשמעניע רעיונות.

* * *

ווען כ׳קוק אין אָוונט
אויף די שוואַרצע שוואַנען,
פון וואַנען אַזאַ בענקשאַפט קומט,
פון וואַנען?
מיט שקיעה־שיין
די סאַזשלקע באַהעלט איז.
ס׳דוכט, די געטאָקטע שוואַרצע
שוואַנען־העלדזער —
דאָס זיינען שאָטנס
פון די זונען־שטראַלן.
מיט אימה טוט
די טונקלעניש באַפאַלן
מיין נשמה.

שוואַנען־שנאָבלען
ווערן רויטער, רויטער
און אויף אַן אויגנבליק
ווערט לויטער —
די זון האָט זיך ביים ראַנד
אַ גליטש געגעבן.
און שוואַרצע שוואַנען ווידער
איבער טונקלען וואַסער
שוועבן, שוועבן...

* * *

ס׳ וועט פֿאַר מיר דער טאָג היינט זיין אַ שווערער.
אונטער אויגן — גרינגע מידקייט־רינגען.
פֿאַרן גינען כ׳האָב געוואָלט דערהערן,
ווען עס נעמט דער ערשטער פֿויגל זינגען.
הינט זיינען פֿאַרגאַנגען זיך אין בילן,
קעץ האָבן געיאָמערט אין די הויפֿן
און דעם מילדן פֿייגלקלאַנג דעם שטילן
ניט געקאָנט דערהערן בשום אופֿן.

* * *

האָסט ליב די רגעס
ווען דו ביסט בקו הבריאה.
דיר דאַכט, דו וועסט דאַן
איבערקערן בערג.
און אָפּגעפּרישטיקט אייליק
שהי־פּיה,
נעמסט אומדערמידלעך שלייפן
דיינע ווערק.
דיין האַרעוואַניע
און דיין גאַנצער מיין —
פון ווערטער אויסצוטעסן
טראָפּנס חן.

* * *

רוצחיש ווען מע האָט דעם וואַלד געהאַקט —
איז דער גרויל געווען מיר אומפאַרשטענדלעך.
ביז מע האָט מיט פאַלנדיקע שפּענדלעך
מיך אַליין אין זאַק אַריינגעפּאַקט
און דורך נעכט פאַרשלעפּט קיין כף־הקל,
הינטער שפּיציק, שטעכיק הויכן צאַם,
וואַלגערן אין טייגע שטאַם נאָך שטאַם
ביי דער בלויער אָזערע בייקאַל...

* * *

צעטראָגן ווידער איז מיין זון, אים אַרט שוין,
פֿאַרפֿאַלן זאָל אין הויכן גראָז ניט גיין
דאָס ליבע בריאהלע מיט שפּרענקעלעך מיט שוואַרצע,
גאָטס רויטע קיעלע, וואָס האָט אַ ים מיט חן.
ער לייגט זי פֿאָרזיכטיק אַוועק אויף אויסגעשטרעקטער האַנט
און קוקט אויף איר געדולדיק און געשפּאַנט.
ביז קאָמיש אירע פֿליגעלעך צעשפּרייט זי
און שרויפֿט אין רוים זיך, ווי אַ ווערטאָליאָט.
עס לויפֿט און שרייט מיין זון און פֿרייט זיך:
— אַוועקגעפֿלויגן איז דאָס קיעלע צו גאָט,
גאָטס קיעלע...

* * *

אויף וואָס זעענדיק מיִען מיר זיך,
טרוימען אויף וואָס זעענדיק ? —
דאָס קינד, וואָס כאַפּט זיך אויף ביי נאַכט
זאָל שטענדיק
דורך די מיט האָניק־פּעך פאַרשמירטע
שלעפעריקע אויגן,
דערזען פאַר זיך איבערן בעטל אָנגעבויגן
זיין שוץ זיין זיכערע —
די טרייע טאַטע־מאַמע,
און תיכּף ווידער,
ווי אין ווייסן סאַמעט,
אין אָרעמס פון דעם זיסן דרעמל פאַלן
ביז העט אויף טאָג,
ווען קיצלען וועלן נעמען אים
די פלינקע העזעלעך,
די פינקלענדיקע זונען־שטראַלן.

## איך וואָלט באַרויקט זיך

אַ ניט־געשטילטע אומדערמידלעכקייט
האָט מיך אַרומגעכאַפּט —
כ׳וויל פאַרגעדענקען יעדן פּנים
און אַלעמען דערקאָנען מיט אַ מאָל.
און כ׳וואָלט באַרויִקט זיך,
ווען דריי מיליאָן איך שרייב אָן לידער —
געווידמעט אַלע מיינע ברידער־שוועסטער פון ישראל.

## מיין ערשטער טראָט

אויף לייבלעך־אייגן ערד,
וואָס איז געווען אונדז דורות־לאַנג
פֿאַרבאָטן,
כ׳שטעל, ווי אַן עופל היינט
מיין נאָך ניט זיכערן און וואַקלענדיקן ערשטן טראָט.
און ס׳רייסט ביי מיר פֿון האַרצן זיך אַרויס:
— ליבער גאָט,
ער זאָל מיט מזל זיין געראָטן!

## סוף יוני איין און פערציק

מיט צעביילטע, צעבלוטיקטע פיס
כ׳שפּאַן אויף מאַליעווער טראַקט,
ביי אַ באַמבע־וואָראָנקע
אַ קינד ליגט צעהאַקט.
ס׳יאָגן מינסקער מיך אָן,
נאָר מע שטעלט זיך ניט אָפּ
און מע פרעגט ניט „וואָס הערט זיך",
אַ שאָקל מע טוט מיטן קאָפּ
און מע זעצט פאָר דעם וועג —
ס׳איז געווען אין די פינצטערע טעג
פון סוף יוני איין און פערציק.

— — — — — — — — — —

אונטער לעפּעלע נאָגט,
שוין דעם אַנדערן טאָג
אין מיין מויל האָב איך גאָרנישט געהאַט.
מיט ווייטיק, מיט פּיין און מיט קלאָג
איבער האַלדז בין איך זאַט.
נאָר עס נאָגט אונטער לעפּעלע, ס׳ציט...
און פאַרחלשטע ווערן די טריט.
עס שווינדלען די גרויזאַמע גריבער.
כ׳שטויס אָן זיך... ס׳ליגט ווידער אַ טויטער.
ניט ווילנדיק כ׳טרעט אים אַריבער.

כ׳טו אויף הינטער אַ קער זיך
אויף מינסק העגנט אַ וואָלקן, אַ וואָלקן אַ רויטער...
און ביז מאָליעוו — אַ וועלט נאָך מיט גאַנג —
ס׳קריכט טונקל אַ נאַכט, ווי אַ שלאַנג —
מיין ערשטע שוין היימלאָזע נאַכט...
און פאָרויס — אַ גרויסע מלחמה
אַן ערשטע פאַרביסענע שלאַכט.

# אין דער זעלבער רגע

פאַר אברהם כהן

אין שלאַכט געוועזן מיטן טויט כ׳בין אויסגעקניפּט
און ניט געטראַכט, וואָס זיין וועט מיט מיר שפּעטער.
געקלערט האָב איך, ווען כ׳גיב איין פּויזע נאָך,
איין קלעטער...
און פון דעם סנייפּערס שיסעריי שוין ניט געציטערט וואָלט
מיין ליפּ, —
געגאַנגען וואָלט איך מיר גאַנץ רויִק מיט טראַנשייען,
און אונטערפּייפן זיך און שטיל זיך פרייען:
„אַהאַ, פּאַסקודנע סנייפּערל, גאָר אַ רחמנות,
אומזיסט־אומנישט געפּטרט האָסט אויף מיר פּאַטראָנעס;
וואַרט צו, אָט קלינג איך אָן אין מינאָמיאָטנער ראָטע,
און מאַכן וועט זי פון דיר אַש און בלאָטע״.
נאָר ס׳קומען אויף דערביי שוין אַנדערע געדאַנקען,
ווי כאַפּט מען זיך אַריין בשלום אין זעמליאַנקע,
אַז כ׳זאָל פון שונאס איין סנאַריאַד ביז צו דעם צווייטן
דערלעבן ווי־ניט־איז, די צוואַנציק מעטער דורכצולויפן...
גלייך ווי אַ פעלדמויז שווינדלט דורך דער טויט,
כ׳באַוויז אים גאָרניט צו באַטראַכטן:
אַזוי פיל האַוועניש און אַרבעט אין די שלאַכטן —
עס בלייבט גאָרניט קיין רגע צייט אויף צו באַקלערן,
אַז כ׳קאָן דאָך אין דער זעלבער רגע
טויזנט מאָל געהרגעט ווערן.

# אַ פּריוואַל אויף רעכטס

דער לעצטער מאַרש צו דער טראַנשיי, צום שלאַכט.
מיר שפּאַנען מיד און מאַט דורך טיפן שניי.
אַ לאַנגן דאָרף מיר גייען דורך נאָך האַלבער נאַכט.
די לאָדנס, טיר־און־טויער זיינען צוגעמאַכט...
„שירע שאַג!״ — טוט דער קאַמבאַט גלייך אַ געשריי.

און איילִיק שטעלט מען טריט; דאָס לעצטע הויז פאַרביי,
און ס׳לעשט זיך אויס די האָפענונג אויף אַ פּריוואַל.
אין אַ שטוב אַ וואַרעמער, צי אין אַ שטאַל
איצט איינצונורען זיך און כראָפּען פריי, געשמאַק.
אָן קיין שום ריידערייען — „שירע שאַג!״

און ווידער פעלד און שליאַך און פון דער וויטן וואַלד...
ס׳איז היים, עס דאָרשט אַזוי, און שטיקלעך שניי איך שלינג,
סאָלדאַטן שושקען זיך — צי אַ פּריוואַל איז באַלד.
אַ ליכטיקע לבנה אונדז דעם וועג באַשטראַלט,
נאָר ס׳ווערט פון דעם ניט גרינג.

דעם פיינט זיין גאָרגל בין איך דורכצוגריזשען גרייט,
אַז יעדער גליד — אַ טראָפּן אָפּרו לעכצט.
נאָר פּלוצלינג זיך צעהילכט אין לופטן:
„אַ פּריוואַל אויף רעכטס!״
ס׳צעשיטן זיך די ראָטעס איינס און צוויי;
מיר גיבן זיך אַ וואַלגער אויפן שניי.

## מיוס־טייך

אין דריי־און־פערציקסטן אויף מיוס־טייך.
אין תמוזדיקער היץ
געשטאַנען זיינען מיר
אין שטיינערדיקער ערד צעגליטער;
אין אונדזער באַטאַליאָן
געוואָרן איז שוין שיטער;
צום ווירטשאַפטלעכן ווזוואָד
דערגאַנגען איז די ריי,
דער קאַשעוואַר געשטעלט זיך האָט
ביים קוילנוואַרפער אין טראַנשיי.
אין פייער איז די ערד.
אַ שפּליטער אויף אַ שפּליטער.
עס שמעלצט די זון זיך איבער די געהרגעטע,
ס'איז עטעמען ניטאָ מיט וואָס...
פון זונענגלי און פון סנאַריאַדן־קלעפּ
צעשרפּעט איז שוין יעדעס גראָז.
געשוואָלן איז פון דאָרשט דער גומען.
און גייסטו צו צום טייך,
די גאַל דיך קערט —
ס'איז אָפּגעסמט די לופט
מיט בר־מינן־גערוך
פון מענטשן און פון פערד.

נאָר מיר זיינען עקשנותדיקערהייט
געשטאַנען ביזן סוף;
ווי מוילוואָרפן געגראָבן זיך צום פיינטס טראַנשיי
מיט פאַרבאַהאַלטענער פרייד
און, גובר זייענדיק דעם שלאָף
אין קאַלטער נאַכט,
צום אָנגריף זיך געגרייט...

# ס׳איז געווען אונטער וואַרשע

נאָך קינדווייז כ׳האָב אַ קללה געהערט:
„קייען זאָלסטו די ערד" —
כ׳האָב עס דאַן ניט פאַרשטאַנען.
מיר זיינען הינטער וואַרשע געשטאַנען.
ס׳האָט געפּאַקט מיך דער דייטש
אויף אַ פעלד אויף אַ גלאַטן,
מיך באַהאָגלט מיט פייער
פון שווערע האַרמאַטן.
געקנאָטן די ערד אַרום מיר —
כ׳בין געקראָכן אויף אַלע שווין פיר.
מיין בליק האָט גענישטערט אַ גריבל
דעם גוף צו פאַרדעקן.
אַ שפּאַלט כאָטש דעם קאָפּ צו פאַרשטעקן.
געפייפט האָבן שפּליטערס, אויף מיר זיך געשאָטן,
און גראָד אַזאַ גלאַטקייט אַרום,
כאָטש פאַרקריך אונטער אייגענעם שאָטן.
ליג איך פאַרטייעט און שטום;
מיטביינער און ריפּן,
מיט מויל כ׳האָב זיך שטייף צו דער ערד צוגעפּרעסט,
נאָך שטייפער, ווי צו מיידלשע ליפּן.
ס׳קריכט דער זאַמד אין די ציין, אויפן גומען,
און דאָס פייער מיך דרעשט,
און די שפּליטערס נאָך מער זיך צעזשומען.

און דאָן האָט זיך פּלוצעם צעשמייכלט
מיין רויִקער ניכטערער שכל:
„קייען זאָלסטו די ערד" —
איז דאָס איצט דיר באַשערט.

# פול מיט פייער

ווען ס׳נעמען מיך מחשבות עגבערן, זיך קנוילן,
דאַן האָב איך ליב אַריינצופּרעסן אין אָבוימע קוילן.

און פון טראַנשיי אין שונאס זייט
אויסצולאָדן זיי פאַרשייט.

כ׳האָב ליב ביי נאַכט פון פּולעמיאָטן
פייערן אויף שונאס ערדשטיבלעך און דראָטן.

ווייל ס׳קאָן דאָך גריילעך זיין, מע קאָן ניט וויסן,
אַז ס׳האָט מיין ווילדע קויל אַ דייטש דעם קאָפּ צעריסן.

ס׳קאָן זיין, ניט איינעם, נאָר אַ גאַנצער פלוימע.
כ׳האָב ליב אויף ס׳ניי אַריינצופּרעסן קוילן אין אָבוימע.

ס׳ווערט דאַן דאָס לעבן טויזנט מאָל מיר טייער,
ווען פול איז, ווי אַן אויג, מיין פּיסטאָלעט מיט פייער.

## אין פעלדשפּיטאָל

עס גליט די ווּנד,
דו קריצסט  די ציין,
דו וואַרטסט, ס׳זאָל קומען
נאַכט צו גיין...

אַט קומט די נאַכט,
אויף אירע הענט
עס פלאַמט דיין שלייף
און העליש ברענט.

אין פייערהיץ
דו שרייסט, דיר דאַכט:
דו פירסט דעם באַטאַליאָן
אין שלאַכט...

...עס זשומעט, גרילצט
אַ מעסערשמידט,
און טרעפט מיט קוילן
אין דער מיט.

אַ באָמבע קוויטשעט
איבער קאָפּ,
דו קייסט די ערד
און שלינגסט אַראָפּ.

דו קייסט און שלינגסט
און קוקסט מיט פרייד, —
שוין קוים דערלעבט,
די זון פאַרגייט!

דעם לעצטן קרייז
אַ שפּאַרבער מאַכט.
עס קומט דיין רעטער אָן —
די נאַכט.

געפינסט זיך ניט קיין אָרט
פון פיין...
— אוי, שוועסטערקע,
ווי שלאָפט מען איין!

ס׳ווערט ביטער, גאַליק
אויף דער צונג.
איז בעטסטו:
— שוועסטערקע, אַ טרונק!

און ווידער שרייסט
און קריצסט די ציין,
און וואַרטסט, ס׳זאָל קומען
טאָג צו גיין.

## מיין שיסער־באַטאַליאָן

איך בלאָנקע איצט אַרום
אין די מחשבות מיינע נאַרישע פאַרטאָן
און זע גאָרניט פאַר זיך,
קיין מענטשן, קיין טראַמווייען און מאַשינעס.
פאַר די אויגן שוועבט אַדורך
מיין שיסער־באַטאַליאָן —
רויטאַרמייער, יונג און אַלט
מיט פריילעכע און טרויעריקע מינעס.
אַלע אברים שוין
פאַרגליווערט האָט דער פראָסט;
אַז אין טראַנשיי
מע טאָר קיין פייערל ניט צינדן.
אַ יונגער מאָלדאַוואַן
מיטן היטל רייבט דעם ראָסט,
אַז פון דעם אַווטאָמאַט
דער זשאַווער זאָל פאַרשווינדן.

אויפן ברוסטווער —
די גראַנאַטעס ליגן גרייט,
און ווי די שטיינער — שטיקער ברויט,
נאָר קיינעם פאַלט ניט איין צום ברויט זיך צוצורירן.
עס האָט זיך אויסגעמישט
דאָס לעבן מיטן טויט,
און פון געטראַנק אָט דעם —
עס ברענען די געהירן.

דעם פופצנטן יאַנואַר.
אויף ווייסל־טייך —
די קאַנאָנאַדע
הייבט זיך אָן באַגינען.
מיט רויטאַרמייער קוש איך זיך:
— מירן אויפהייבן זיך גלייך,
און דאַן די שלאַכט
שוין אויף געווים געווינען.

אין ווינקל פון טראַנשיי
אַן עלטערער סאָלדאַט שטייט
און קוקט מיך אָן
מיט טריבע, טרויעריקע בליקן...
— פּעטערקע, דו גלייבסט אין גאָט? —
זיין פּנים גלייך באַשיינט אַ פרייד, —
טאָ, העלף דיר גאָט
דעם פיינט דערשטיקן.

מיר נעמען זיך אַרום;
ער דריקט מיך צו צו זיך.
ס'איז ביידן אונדז דאָס לעבן
גינציק־טייער.
אַ ייִד אַ גלויביקער — איז ער,
אַ ייִד אַן אַפּיקורס — איך.
און ביידע קריכן מיר —
אין פייער.

## אַפּריל פינף און פערציק

צי איך גיי דורך די גאַס, צי איך פאָר אין טראַמוויי,
קוק איך איין זיך אין מענטשן מיט נייגער מיט גרויסן,
פאַר מיין אויג איז איצט יעטווידער דורכגייער ניי,
נאָר ניט אים בין איך אויסן.

נו, איז טרעפט, וואָס און וועמען איך זוך
אַזוי פּראָסט, אָפנהאַרציק?
מיט די חושים מיט אַלע כ׳דערשפּיר דעם גערוך
פון אַפּריל פינף און פערציק.

אין די פאָרשטעט בערלינער, אין סאַנבאַט שפּעט ביי נאַכט.
אויף אַ ליכטיקן טיש טו איך ליגן.
מע האָט ערשט אויף אַ פור מיך צו פירן געבראַכט
און קאַפּויער די ווענט און די לאָמפּן זיך וויגן.

דאָס מיידל דאָס בלאָנדע אין גומענעם שירץ
אומגעשווינדלט מיר האָט פאַר די אויגן.
מיט צעטריקנטע ליפּן דאָס מיידל איך אירץ,
האָט זי זיך צו מיר אָנגעבויגן

און זי גלעט מיר די הענט. האָב איך פּלוצעם דערזען
מיין מאַמען מיט פיינפולע בליקן...
און דערנאָך האָט אַ מעסער געטאָן מיך אַ ברען,
כלאָראָפאָרם גענומען מיך שטיקן.

אין שפּיטאָלן געווען, עס איז אַלץ שוין פאַרביי.
ס'איז אַ יאָר שוין און מער דורכגעפלויגן.
נאָר אַז כ'גיי דורך די גאַס, צי איך פאָר אין טראַמוויי,
זוכן אַלץ מיינע נייג'ריקע אויגן

דאָס מיידל דאָס בלאָנדע — דער יונגער כירורג,
וואָס זי האָט זיך געמיט מיך צו רעטן
און מיט ליבשאַפט אויף מיר, ווי מיין מאַמע, געקוקט
און די הענט מיר ניט אויפגעהערט גלעטן.

# ער האָט אַלץ מיך נאָך ליב

געגאַנגען מיט מיר ז'ער דורך טויט און דורך פייער.
ער קושט מיינע טריט, ווו אַ קער זיך איך גיב.
ר'האָט אַלץ מיך נאָך ליב,
מיין שאָטן געטרייער.

געהאַוועט, געשמייעט, ווי איך, נאָך אַנאַנד,
און רירעוודיק שטענדיק און מונטער.
ווי איך, גייט ער איצט מיט אַ שטעקן אין האַנט,
און ווי איך — הינקט ער אונטער.

ביידע רוען מיר אָפּ מידערהייט ביי אַ פּלויט;
זיך ווישן דעם שוויים פונעם שטערן.
איך וואָלט וואָס מיין גינציקן שאָטן פאַרטרויט,
נאָר איך וויל זיין געמיט ניט באַשווערן.

אויף זיינע לענגלעכע פּיס כ'וואַרף אַ טרויעריקן בליק,
צווישן ליפּן פאַרשטיק איך דעם שמייכל,
ווען ר'האָט כאָטש אַ טראָפּעלע שכל,
פאַרשטייט ער דעם וויי,
אַז האָלץ גאָר אַ שטיק
איז דאָך איינע פון זיי,
נאָר כ'בין אים, מיין טייערן, מוחל.

געגאַנגען מיט מיר ז'ער דורך טויט און דורך פייער,
ער קושט מיינע טריט, ווי אַ קער זיך איך גיב.
ר'האָט אַלץ מיך נאָך ליב —
מיין שאָטן געטרייער.

# אין דין־געשליפן גלאָז

איך לעב שוין ווידער אין אַ ריינער און געהייצטער שטוב,
מיין טיש מיט ביכער פול, און ס'שיינט אַ לאָמפּ אַ העלער.
עס שיט זיך מער קיין זאַמד ניט אויף מיין טשוב,
דעם קאָטיעלאָק פאַרביטן אויף אַ טעלער.

מיט טיי־לעפעלע כ'מיש אין דין־געשליפן גלאָז,
אויף יעדער זאַך פון פרידן רוט די שכינה.
ווען זודיק איז די טיי, פאַמעלעכקע דו בלאָזסט
און טראַכסט — ווי גוט, וואָס ס'פייפט שוין ניט קיין מינע.

פון פאַרמלחמה־צייט זיך האָבן אומגעקערט
צו מיר מיינע געוווינהייטן און זיטן.
אָן איבעריקער גרילץ — דעם אויער מיר באַשווערט...
און פון אַ צוגווינט כ'הייב מיך אָן צו היטן.

איך גיי צום פענצטער צו — אַ פייערדיקער פראָסט,
דערהערסט פון גאַס די סקריפּענדיקע שנייען.
דערמאָנסט זיך, ווי געטוליעט שטייף דו האָסט
צום אייז — אין פאַרקאַלייעטע טראַנשייען.

פאַרשטומטע הויכע הימלען איבער דיר:
אַזוי פיל קאַלטע, טויטע שטערן.
אַ פּוס אָן פּוס דו קלאַפּסט, פאַרפרוירן ווערסטו שיר
און ווייסט גאָרניט, צי וועסט דערוואַרעמט ווערן...

# אַ מוטער באָדט איר עופעלע

דאָס בלוט פון שלאַכט האָט אָפגעשיינט, ווי שקיעה
אין די אויגן.
ווי דער גראַנאַט איז האַרט געווען אין פראָסט דאָס ברויט.
אין איין שערענגע איז געגאַן מיט אונדז דער טויט —
כ׳האָב שטענדיק גוט געפילט זיין שאַרפן עלנבויגן.
איך, דער סאָלדאַט, דער פראָסטער, אויסגעשולטער,
וואָס ניט פאַרלוירן כ׳האָב מיין קאָפּ אין קריג,
וואָס קאָן זיין איצטער ליבער פאַר מיין בליק —
זען, ווי אַ מוטער באָדט איר עופעלע אין מולטער?
איר אויסגעשפרייטע האַנט אין כוואַליעס וויגט זיך.
און ס׳פליעסקעט זיך דאָס קינד און קוויקט זיך,
און ווי דערמאָנט זיך, אַז דאָס וואַסער איז צו וואַרעם,
עס הייבט אויף אַ געשריי און אַ געליאַרעם.
איך קוק מיט שמחה פול — דאָס שענסטע אויפן ערד-קיילעך,
ווען ס׳קינד מע נעמט אַריין אין פרישן, קלאָרן ליילעך,
און ביי דער פולער ברוסט אַנשטילט מע ווערט,
ווען ס׳זויגט אַזוי פאַרטיפט די זיסטע זאַפטן אויף דער ערד.
צו אַלדי שוואַרצע יאָר די וויסטע קריגן!
לעבן זאָלן, וואַקסן זאָלן קינדער אין די וויגן!

# אויף איין פוס

די בושלען געשענקט

ווען כ׳גיב זיך מיר אַ שטעל שוין
אויף איין פוס
אין איינעם פון די האַרבסטיקע פאַרנאַכטן,
די וועלט אַרום באַטראַכטן,
איז האָב איך אויך אין דעם אַ שטיקל פרייד
און אַ געמוס...
ווייל איך דערזע,
ווי אויף דער סאַזשלקע דאָרט שטייט
אַ קאָפּיע פון מיר —
דער בושל פון מאָזיר,
פאַרגליווערט אויף איין פוס, ווי שלעפערדיקערהייט,
און גיט זיך מיט קיין אבר ניט קיין ריר.
איז ווער איך ביי זיך יומטובדיקער דאַן.
איך בין דאָך ענלעך אויפן ציפּור — דעם באָטשאַן,
פאַר וועלכן די פּאָליעסער דיכטער
זיינען מן הסתם
גרייט זיבן מאָל צו גיין אין פייער און אין פלאַם.
איז לאָזט זיך אוים, אַז דאָס איז אויך אַ זכות —
די וועלט אַרום באַטראַכטן אויף איין פוס.

1945 — 1941

טויזנט יאָר אַפּילו ווען איך לעב,
וואָלט מיר סיי ווי ניט אַרויס פֿון זינען
די טראַנשיי, דער פֿייף און גרילץ פֿון מינעס,
דער געוואָי פֿון באָמבעס איבער קעפּ.

ס'איז דער גלי און בראַנד פֿון בייזער שלאַכט
אין געביין אַריין, אין יעדן אָדער.
און די כוואַליעס פֿונעם וויַיטן אָדער
קלאַפּן אין מיַין האַרצן טאָג און נאַכט...

* * *

אַ לעבן אָפּגעלעבט אָן פּערל,
אָן אַנטיקלעך — חפצים,
און כ׳וויים ניט, ווי עס זעט אַפילו אויס
אַ גאָלדן רענדל.
מסתם דערפאַר כ׳טראָג לייכט דעם קאָפּ
אויף מיינע פּלייצעס
און קוועל פאַר נחת פון מיין יורש — הענדל.

אַ נאָמען נאָך מיין שוואָגער, נאָך דעם דיכטער
שוועדיק הענעך
(ער איז אין שווערער שלאַכט געפאַלן טויט-פאַרוווּנדעט),
און איך ווער רייכער, וואָס מיין יינגל קען איך
דערציילן וועגן פעטער זיינעם וווּנדער.

און איך אַליין האָב אויך ניט
וואָס ביי זיך אַראָפּצופּאַלן:
כ׳טראָג אין די ביינער מיינע דייטשלאַנדס אייזן-שפּליטערס,
נקמה כ׳האָב גענומען פון די כלבים-ריטערס,
און דאָס איז ביי מיר טייערער פון איידלסטע מעטאַלן.

## אָט דערפֿאַר...

איך קאָן, טייערע סאָסנעס און יעלן, ביז איצט
אייער גוטסקייט צו מיר נישט פֿאַרגעסן.
איר האָט מיך פֿון פֿײַנטלעכע קוילן באַשיצט
אין די פֿײַנפֿולע שווערע מעת־לעתן.

אין אַ פֿינצטערער גליווערדיק־פֿראָסטיקער נאַכט
אונדז, סאָלדאַטן, דערוואַרעמט בײַם שײַטער,
מיר דאָס העמד אויפֿן לײַב מײַנעם טרוקן געמאַכט
און געהאָלפֿן אונדז אָנגרײַפֿן ווײַטער.

אָט דערפֿאַר, ווען אין וואַלד אין ווײַסרוסישן כ׳קום,
ווער איך שטענדיק ביז טיף אויפֿגערודערט.
מיטן בליק יעדע סאָסנע און יעל כ׳נעם אַרום,
ווי אַ גינציקן האַרציקן ברודער.

* * *

פאַר
נחום אָלשאַנסקי

פאַרגעסן כ׳האָב די טויזנטער באַפעלן.
צי קאָן דען זיי געדענקען אַ סאָלדאַט?
נאָר יעטווידער באַפעל
איין זעלבן צוגאָב האָט געהאַט.
דער צוגאָב איז מיר גראָד געווען געפעלן.
דער קאָמאַנדיר אַ רגע שטעלט זיך אָפּ:
— פאַראַנטוואָרטלעך ביסט מיטן קאָפּ. —
אין פייערפלאַם, אין בראַנד און טויטגעוואַי,
איך ענטפער: אָטוועטשאַיו גאָלאָוואָי. —
איך טאַפּ אַרום אַצינד מיין קאָפּ מיין אַלטן,
צי דען האָט ער אַזוי פיל אויסגעהאַלטן?...

# די רויקייט

גערענטשט זאָל זיין די דרייסטע רויִקייט,
זיין תמיד פאַר דער דראָענדיקער
אומדערוואַרטקייט גרייט.
אַ וואָרף געבן דער פיינט ווען אַ גראַנאַט,
דו לויף פון איר ניט אָפּ צעמישטערהייט,
נאָר גיב אַ כאַפּ זי,
ווי אַ האָלאָוועשקע,
און שליידער זי צוריק אין שונאס זייט.
אַ שטאַרקער קלוגער וואָפן
איז די רויִקייט
אין יעדער צייט...

# די ברירה

ניין, פאַר דער שוואַלב איז ניט קיין לאַסט
(ווי כ׳וואָלט ביי איר געווען צו גאַסט)
די ענגשאַפט און די פינצטערניש פון נעסט,
דאָס שמאָלע שפּעלטעלע — די טיר...
די ברירה איז דאָך פאָרט ביי איר —
אין אויגנבליק זי גיט אַ מעסט
די בלויע הייך,
אַ שוועב, אַ פלי
צו זונענגלי,
דערגרייכט
דעם גרינעם באַרג
ביים ים,
און ס׳איז די וועלט איר
פריי, געראַם!

## ס׳מוז די קלאָרקייט בלאַנקען

ס׳פלעגט, געדענק איך, אין קאַזאַרמע זיין מיר שווער
שייערן און פוצן פון מיין ביקס די רער.
ווישן מיטן שאָמפל ניט אַזוי געקענט,
טאָן זאָל קענן זון די ציכטיקייט אַ בלענד.
און אין פעטס די פאַקליע כ׳טונק איבעראַניים,
מיטן שאָמפל רייב איך ווידער שעהענווייז.
און דערנאָך מיט שמאַטקעס טרוקענע איך וויש,
גרייט אַ טאָג צו אָפּשטיין ביי דעם וואָפן-טיש.
כ׳גיב אַן אויג אַ זשמורע, כ׳קוק אין רער אַריין.
ס׳מוז די קלאָרקייט בלאַנקען, ווי די זונענשיין.
ס׳טוט דער קאָמאַנדיר מיין ביקס אַ נעם אין האַנט,
הייבט מיין האַרץ אָן טיאָכקען, קלאפּן נאָך אַנאַנד.
און אַז ער פלעגט זאָגן: „אָט אַזוי איז גוט",
איז ביי מיר געווען די גליקלעכסטע מינוט.

## ביים שפּיגל

די נשמה מיינע איז נאָך אַלץ אין קלעם.
גלייך עמעץ האָט די פליגלען איר אונטערגעשאָרן.
כ׳דערמאָן מיך, ווי אין שלאַכט
בין איך געלאָפן דורך אַ פעלד מיט קאָרן.
דעם שונאס קויל אַ פאַליע האָט געטאָן מיין ברעם.
אַ צווייטע — דורכגעשאָסן מיין פּילאָטקע.
אַ קוילנוואַרפער האָט געטראַסקעט, ווי אַ קאַלאַקאָטקע.
עס גרייפט מיין ראָטע.
איך שטיי ניט אָפּ. ס׳פאַרכאַפּט דער אָטעם...

עס טרעפט, ביים שפּיגל כ׳טו אַ זשמורע מיט אַן אייגל:
„דו לעבסט נאָך, חיימקע, דער פויגל?..״

## איינגעליבט אין מיינע זעלנערישע טריט

מיין לעבן איז ניט קיין טל־ומטר,
ניט קיין קורצער פּרייטיק,
אויב זיך פעלן וועל איך אין מיין ראָטע,
קיינער וועט נישט זאָגן,
אַז פּריציייטיק.
אָפּגעטופּעט כ'האָב אַ האַלבן וועג
מיטביידע פיס
און געווען איז מיר (אָפן אָפּגערעדט, אָן דריידלעך),
גאָר ניט לייכט און זיס.
די אַנדער העלפט
כ'בין אויף איין פוס דעם איינציקן געשפּרונגען...
און, ווי הייסע לאָקשן,
מיינע יאָרעלעך געשלונגען,
זיך מיט זיי געבריט,
איינגעליבט אין מיינע יונגע
זעלנערישע טריט.

##ביים שייטער

עס נעמט זיך גאָרניט אויס דער רעגן.
אָן אויפהער וואָלקנס לויפן נידעריק
אַזוי ווי פון אַ פּייער
קי ניט אויסגעמאָלקענע
מיט פולע אָנגעקוואָלענע אייטער.
אָ, וויפל מאָל בין איך אין טעג אַזעטיקע געלעגן
אין וואַלד מיט מיין שיניעל דעם אויסגעווייקטן
ביי אַ שייטער.

## אויפֿן שלאַכטפֿעלד

אָט אַזוי, ווי איר קוקט אונדז אָנעט,
פֿון קליינוווייז אָן הנאה האָבן מיר
צו טרעפֿן מיט אַ שטיינדל אין אַ וואָראָנע,
מיט אַ שנייקויל אַ מיידל אין אויער,
מיט דער פּילקע — אינעם „טויער”.
און שפּעטער — פֿונעם ביקסל אינעם עפּעלע פֿון „טיר”...
און העט-העט שפּעטער,
די שעה זאָל ניט געשען,
האָבן מיר עטוואָס הנאה
ווען,
פֿאַרוואָקסענע, דערפֿרוירענע,
אין שינעלן גראָע,
גיט זיך אונדז איין
אויפֿן שלאַכטפֿעלד
פֿון האַרמאַט אַ זעץ טאָן פֿיין
אין שונאס בונקער...

* * *

אָ, וויפל קוילן
האָבן נאָנט פאַרביי מיין אויער
דורכגעפייפט און דורכגעדזינקעט
און לעבן מיינע פיס
די ערד געטאָן אַ ברען.
זיי האָבן פונקט, ווי שוועבעלעך
געוואָלט מיין לייב אַ רייב טאָן,
ווי כ׳וואָלט אַ קעסטעלע
פאַר שוועבעלעך געווען.

* * *

אַז יעדער קלייניקייט דערמאָנונגען
פון שלאַכט
אין מיר דערוועקן.
עס טרעפט, איך האַלט אַזוי פאַרטראַכט
דאָס הענטל פון מיין קוליע־שטעקן, —
פאַרשווינדן גלייך די ווענט,
ס׳ווערט אַלץ אַרום מיר נעלם,
איך האַלט גאָר שטייף דאָס הענטל
פון מיין פּאַראַבעלום,
און איבער פעלד, מיט רויטאַרמייער
אונטער האָגל־פייער
איך לויף און שריי „הוראַ״
און פּאָכע מיטן שפייער.

# דאָס האַרץ פאַרלויפט מיט בלוט

מורא פאַר אַ הונט האָט עס,
נאָר אין פייער קריכט עס.

שלום אַש „דער תהילים ייד״
(קאַפּיטל 3).

די ווערטער קלינגען מיר איצט
פרישער, נייער —
איך האָב דאָך טאַקע מורא פאַר אַ הונט
און בין געקראָכן דאָך אין פייער.
און כאָטש פאַרהיילט איז שוין מיין וווּנד,
נאָר כ׳פיל נאָך אַלץ פון טויט דעם טעם,
פון זיין אין גרויסן פלאַם,
דאָס האַרץ פאַרלויפט מיט בלוט
און נאָגנדיק נעמט קלעמען
— איך קריך אַזש פון דער הויט
זיך שלאָגן גוט
מיין פאָלק ניט צו פאַרשעמען.
איך טענה מיט מיין ביקס צו פעלדער רוסישע:
נאַט, זעט!
אַריבער האַלדז איך שטיי אין טויט
מיט אייך צוזאַמען
און פלעט
און בראָק דעם דייטש, ווי קרויט,
אַ רוח אין אייער מאַמען...

נאָר איצטער, ווען איך גיי אַ הויף פאַרביי,
ווו ס'בילט אַ הונט,
איז כאָטש איך האָב דאָך
אַ געזונטן קוליע־שטעקן,
נאָר ס'טוט דער כלב
סיי ווי סיי מיך שרעקן...
איז טאַקע דאָ אין דעם אַ טיפער גרונט
און ס'זיינען מיר די ווערטער גינציק־טייער:
אַ ייד האָט מורא פאַר אַ הונט,
נאָר קריכט אין פייער...

מינסק, 1946

## אַ רגילות

איך באַמערק אַליין גאָרנישט,
ווי צווישן
מיין קאָפּ
און גרויסן פּוכיקן קישן
שפּאַר איך אַריין מיין פויסט
מיין ביינערדיקן.
אַ היפּש ביסל יאָרן
האָט זי מיר פאַר אַ קישעלע
געדינט —
מלחמה־צייט אין די אָקאָפּעס
און נאָכן קריג אויף נאַרעס האַרטע
געלייגט האָב איך מיין פויסט
צו קאָפּנס —
אוי, אַ רגילות
איז ווי אַ ציג אַן איינגעשפּאַרטע —
כ׳האָב פון דאַן זיך נאָך ניט
אָפּגעוווינט אַצינד...

* * *

ביים ברעג פון ים, ביי אַט דעם ווייסן שטיין,
כ׳בין מיט אַ פערטל הונדערט יאָר צוריק געשטאַנען,
כ׳פלעג וואַרטן, ביז די פלאַמענדיקע זון ט׳פאַרגיין.
דערנאָך פאַרביי די שוימענדיקע כוואַליעס שפּאַנען.

די טרייע אייביקייט — אַט ווי זי שטייט און גייט,
האָט, דוכט מיר, ניט געענדערט זיך קיין טראָפּן,
דער זעלבער גרינער באַרג ביים ים צוקאָפּן,
די זעלבע גליִיק־פייערדיקע זון פאַרגייט.

מעבר דאָרט לים, אויב כ׳האָב קיין טעות ניט, —
פון דאַנען איז מיר שווער זיי צו באַמערקן, —
שפּאַצירן אום מיט שמאָלן אויגנשניט
די זעלביקע ברייטפּנימדיקע טערקן.

אפילו איך אַליין, פון ערשטן אויגנבליק,
האָב זיך, מיר שיינט, ניט איבעריקס געמינערט.
ווי דאַן — אַ זשוואַוועער בחור, נאָך אַ גרינער —
איך זאַפּ מיט שטוינונג איין דעם ימס מוזיק.

די שווערע יאָרן קריג, די פּלאָג און ווײַ
זיך טראָגן האַסטיק דורך פאַרביי, ווי שוואַלבן.
פאַרגעס איך, אַז מיט פּיס מיט אַנדערהאַלבן
ביים ברעג פון שוואַרצן ים אַצינד איך גיי.

## אַז עס קומט דער פֿאַרנאַכט...

איך פֿריי מיך שוין איצט
אין אַן אַנדער גאַר הויז,
נאָר ניט דאָס איז דער עיקר.
אַז עס קומט דער פֿאַרנאַכט,
איז מיין בענקשאַפֿט צו גרויס,
כאָטש צעריים זיך אויף שטיקער.

דאַן טו איך מיר אָנעט
— מיין גרויען שינעל
מיין חבר אין שלאַכטן.
ביז טונקל סע ט׳ווערן,
איך גיב מיך אַ שטעל
גיין מיין עבר באַטראַכטן.

מיין ליכטיקער עבר
— איז דאָ גאָר ניט ווייט
אויף דער גאַס אויף דער אַנדערער.
נאָר דער גאַנג מיר
געדויערט אַהינצו אַ צייט ;
כ׳בין שוין איצט ניט קיין וואַנדערער...

גאָר די וועלט כ׳בין צופֿוס
מיט סאָלדאַטן אַדורך,
אַזש פֿון וואָלגע ביז שפּרייע.
און סע נעמט מיך נאָך אַלץ ניט
דער רוח,
ווי אַן אַלטע מטבע.

אין פּיעכאָטע צו דינען
איז פריילעך און גוט,
נאָר איך וועל שוין מער „לעוואַי” ניט שרייען.
אין מיין פּוס אין מיין לינקן
רינט הילצערן בלוט
און די מוסקלען — פון לעדער פון נייעם.

נאָר אָט איז ער, דער ראָג,
אין די שלייפן קלאַפּט שטאַרק,
מיר אַנטקעגן מיין קינד פלעגט דאָ לויפן:
— אוי, טאַטע,
די מאַמע אַוועק איז אין מאַרק
אַ טאַנק מיר צו קויפן.

און שלעפט מיך ביים אַרבל:
— איך וועל פונעם טאַנק
זיך אין היטלערן צילן...
מיין פרוי — זי פלעגט זיצן
אויף יענער־אַ באַנק,
ביי דעם בוים פלעגט מיין זונעלע שפּילן.

נאָר עס פרייען זיך דאָ שוין
גאָר אַנדערע לייט,
גאָר אַנדערע פרויען און קינדער.
איך שטיי אַ געפּלעפטער ביים הויז
אָן דער זייט,
און מיין ווייי ווערט ניט לינדער.

ביז טונקל עס ווערט...
נאָר אין זינען ביי מיר
די מחשבות זיך וועקן און וועקן;
אויף די פענצטער איך קוק,
אויף דער אָפענער טיר,
און לייג שטאַרקער זיך אָן
אויף מיין שטעקן.

נו, און וואָס זאָל איך גיין
דולן מענטשן אַ קאָפּ;
כ׳האָב ביז ווייטיק די ליפּן פאַרביסן.
פונעם שפּיץ פון דעם בוים
הייבט זיך אויפעט אַ ראָב —
אַט ביי אים וואָלט איך מער זיך דערוויסן...

אַזאַ פויגל ווייסט זיכער
דאָס גרויליקע אָרט,
סימנים אַהין מוז ער האָבן.
נאָר אַז גיי טייטש זיך אויס
מיט אַ מענטשלעכן וואָרט
מיט די פינצטערע ראָבן.

איך פריי מיך שוין איצט
אין אַן אַנדער גאָר הויז,
נאָר ניט דאָס איז דער עיקר.
אַז עס פאַלט צו די נאַכט,
איז מיין בענקשאַפט צו גרויס, —
כאָטש צעריים זיך אויף שטיקער.

# ווען איך פאַרמאַך די אויגן...

ווען איך בלייב מיט מיין וויטיק באַנאַנד,
כ׳לייג אַרויף אויף די אויגן מיין האַנט
און דערזע: אויפן וועלאָסיפּעדל
פאָרט נפתלי מיין זון דורכן סעדל,
שרייט און לאַכט אַזוי האַרציק און זים:
— היי, פון וועג אַראָפּ, שטרויענע פים!
און דאָס הינטל, די קאַץ און די הינער
אים מיט אָפּשיי דעם וועג טרעטן אָפּ.
כ׳לויף אַ קוש טאָן אין גאָלדענעם קאָפּ.
נאָר זיין פנים ווערט בלייכער, ווערט דינער,
און די אויגן — פאַרצויגן מיט גרויל,
און דאָס דאַרינקע קערפּערל — הויל,
אויף זיין לעצטן געשריי הער איך בולט —
מיין איינציקן יורש מע קוילעט...
בין איך קוקן שוין מער ניט אין שטאַנד,
כ׳רייס אַראָפּ פון די אויגן מיין האַנט.

## זינט דאַן

זינט דאַן,
ווען כ׳האָב דערוווּסט זיך, ווי מיין מאַמע־לעבן
איז מיט מיין זון געשטאַנען ביי די געטאָ־דראָטן
און האָט איר גאָלדן קידושין־רינגל אָנגעבאָטן,
מע זאָל איר אייניקל כאָטש אַ קאַרטאָפּליע געבן,
און ווי אַ שאָטנדל ז׳געווען מיין קינד מיין טייערס, —

זינט דאַן
אָן שנאה כ׳קאָן אויף גאָלד ניט קוקן.
גלייך ס׳צינדט זיך אָן אין האַרץ ביי מיר אַ פייער.
און ס׳נעמען מיינע אַקסלען צוקן, צוקן...

# נאָך יאָרן קריג

איך מיין פאַרטראַכטעניש
איך שטעל מיך ראַפּטעם אָפּ
און כאַפּ אַ קוק — וווּהין זשע גיי איך?
ערשט איצט פאַרשטיי איך —
אַ טרויעריקן שמייכל כ׳גיב — עך, דולער קאָפּ,
דו האָסט אַזש אָנגעשפּאַרט
צו דיין פאַרמלחמהדיקער דירה,
ווו יעדן אָוונט האָט געוואַרט אויף דיר
דיין זון — דאָס צוויטשערל, דיין לירע.
ער פלעגט אַקעגן מיט אַ לאָדעניש אַרויס:
„האָסט מיר געבראַכט אַ רויטן בלייער?
איך האָב דאָך אויסגעבויט אַ הויז,
גאָר אָן אַ רויך און אָן אַ פייער...״
איז בלייב איך שטיין, געגליכן צו אַ פערד,
וואָס קומט אַליין צום הויף, צו דער סטאָדאָלע.

נאָך יאָרן קריג
און יאָרן פינצטערער בהלה
בין איך געגאַן אין די מחשבות מיינע טיף פאַרקלערט,
און האָב פאַרבלאָנדזשעט צו מיין ליבן הויז,
נאָר קיינער קומט אַנטקעגן ניט אַרויס,
און כ׳גיב אַ צי די לייצעס אויף צוריק...

* * *

ווען איך שטרעק אוים מיין מידע האַנט
צום גלעקל פון מיין וווינונג
און הער, ווי ס׳לויפט מיין קליינער זון
די טיר מיר עפענען, —
נעמט מאָדנע זים מיך נאָגן
אונטערן לעפעלע.
איך וואַרט מיט אומרו און דערשטוינונג...

ווער מיט זיין היים געווען איז לאַנג צעשיידט,
דער וועט פאַרשטיין מיין ציטערדיקע פרייד.

* * *

מיין בכור כ׳האָב אַ נאָמען געגעבן נפתּלי —
ער זאָל, ווי אַ הירש, זיין אַ שלאַנקער און האַסטיקער.
נאָר ס׳האָט אים מיין גיריקער פיינט מיט דער סוואַסטיקע
פאַרצוקט און צעריסן. מיין ביטערע דאַליע,
איך האָב ניט געקאָנט אים, מיין ליבלינג, באַשיצן.
געקומען פון קריג כ׳בין צעוווּנדיקט, צעשמעטערט,
מיט בענקשאַפט מיט זיסער עס ציט אָפט אויך איצטער
צום הויף, ווו מיין זון האָט געשפּילט זיך, געקלעטערט.

* * *

כ׳קוק מיט ציטער
אויף די ליכטיקע בעריאָזעס —
שוועסטער מיינע,
לאהס, ציליעס, ראָזעס.

וויפל חידוש
אין דער ווייסער רונדער קאָרע,
ווי בורשטין־געטאָקטע
שיינע העלדזער קלאָרע.

זע איך מאַנדלאויגן
אונטער שטילע וויִעס,
פול מיט טריישאַפט,
און מיט ליבשאַפט,
און מיט חיוּת.

וואָלטן דען ניט קומען
מערדער און באַנדיטן
און דעם יונגן וואַלד
צעשאַטקעוועט, צעשניטן?

כ׳קוק מיט ציטער
אויף די ליכטיקע בעריאָזעס —
שוועסטער מיינע,
לאהס, ציליעס, ראָזעס.

* * *

ווידער אַ דערציילונג: מענטשן ווילן
ראַטעווען פון געטאָ אַ געזינד
און באַהאַלטן אויסעט פון די קוילער...
גלייך פאַרלויפט מיט בלוט מיין ווי־און־ווינד.
ס'טראָגט דער אימפּעט מיך צו שטוב,
פון וועלכער מ'האָט געטריבן צו דעם גרוב
מיין זיבניאָריק קינד...

# אויפן גאַנעקל

(נאָוועלע)

דאָס שטעטעלע באַקוקן... — הערן כ׳קאָן ניט.
דאָס גאַנעקל, דאָס גאַנעקל דערמאָן ניט...
דער ערשטער שניי, געדענק איך, האָט געשאָטן,
אַרויסגעלאָפן באָרוועס כ׳בין אָן אָטעם.
פֿאַר שרעק אונטערן גאַנעק כ׳בין פֿאַרקראָכן,
דער פּאָליציי מיין מאַמען האָט דערשטאָכן
אויפן גאַנעק...

כ׳ליג אונטער די טרעפּלעך.
פון גרויל איך שטופּ אַריין אין מויל די צעפּלעך
און הער דער מאַמעס לעצטן קרעכץ דערנעבן
און זע מיין מאַמעס האַנט דורך ברעטער־שפּאַלטן,
אַ שטיין בין איך, אַז כ׳האָב עס אויסגעהאַלטן
און געבליבן לעבן...
דאָס שטעטעלע באַקוקן... — הערן כ׳קאָן ניט.
דאָס גאַנעקל, דאָס גאַנעקל דערמאָן ניט...

* * *

געהאָגלט האָט אויף מיר מיט שפּליטערס און מיט פלאַם,
און גלייבט מיר, אַז איך ווייס געווים פון טויט דעם טעם.

נאָר ניט פאַרלירן כ׳פלעג מיין פריילעכן געמיט.
און דאָך קיין גרויסער העלד און גיבור בין איך ניט.

אַט האָב איך דאָך עד היום מורא פאַר אַ בין
און פאַר דער פריטקער יאַשטשערקע און שפּין.

איך שרעק מיך אויך, פאַרשטייט זיך, פאַר אַ מויז,
און כ׳זאָג אייך שוין דעם גאַנצן אמת אויס,

אַז קעגן גרינעם גלאַנץ פון קאַצן-בליק
איך טרעט מיט חשד, מטושטש אָפּ צוריק.

## וואַכן אויף אין האַרצן

כ׳זוך די גאַס, ווו ס׳האָט געלעבט מיין מאַמע,
נאָר אומזיסט — איך קאָן זי ניט געפינען.
אַ פּראָספּעקט אַ ברייטער, אַ גערעמער
פירט מיך פון וואָקזאַל ביז צו דער דווינע.

אומגעפער נאָר בין איך זיך משער —
פון דער גאַס דער קווערשניט איז מיר קענטיק.
היימשטאָט מיינע, ביסט מיר האַרציק-טייער,
כאָטש ביסט איצט פילשטאָקיק און פילווענטיק.

צו דער דווינע בין איך צוגעגאַנגען,
צו די גרינע היימיש-נאָ׳נטע ברעגן.
וואכן אויף אין האַרצן די געזאַנגען,
אַלע מיינע טויזנט יוגנט-שטעגן.

## ס׳שוועבט דורך אין זכרון מיין מאַמע

באַלעסטיקט מיט חפצים דיין צימער:
אוזבעקישע טעפּעכער, קרימער,
בורשטינענע בעכערלעך דינע,
פון זיבן קאָלירן גראַפינען;
און גאָלדענע טעלערלעך גלאַנצן
פּאַר אויבסט און פּאַר זאַפט און מאַראַנצן.
מלאכימלעך, שרעטעלעך־ריזן
און אַלערליי פּאַרפאָר־סערוויזן
מיט רויזן, מיט ליליעס, אַסטרעס
און העלפאַנדן גאַנצע כאַליאַסטרעס,
און איבער דיין רייכן געלעגער —
קרישטאָלענע מנורות באַגילדטע,
און בילדער מיט פייגל און יעגער,
און דו ליגסט אין זייד אַ פאַרהילטע
און שמייכלסט מיט גאווה מיט פוסטער:
— דו, ווייסט, וויפל ס׳קאָסט מיך די ליוסטרע?
איך האָרך און די באַקן מיר פלאַמען...
נאָר פלוצעם ווערט עטוואָס מיר לייכטער:
ס׳שוועבט דורך אין זכרון מיין מאַמע —
זי פוצט אירע מעשענע לייכטער
מיט זאַמד און מיט קליוקווע מיט רויטער.

— — — — — — — — — —

דער הימל אין פענצטער ווערט לויטער.

* * *

איך גיי אַרום אין אָסיענדיקן וואַלד
אַ שטיל־פּאַרקלערטער.
עס קומט מיר אויפעט אין זכרון.
די מאַמע פלעגט אונדז פאָרוואַרפן —
„איר וועט געדענקען קינדער,
מיינע ווערטער"...
און שווערער, טרויעריקער ווערט מיר.
עס נאָגט דאָס האַרץ
און הערט ניט אויף צו בענקען,
צי בלייבן וועט נאָך ווער,
עס זאָל געדענקען ?...

* * *

מאַלע וואָס, איך בין עס ניט בכוח
צו זען,
ס'וואַקסט אַליין אוים דאָס בילד
פאַר די אויגן:
מיין מאַמע זיצט אויף אונדזער קינדער־בענקעלע
אָנגעבויגן,
בלויז איר גרויליך־צעמאָגערטן האַלדז
באַמערקן מע קען.
און מיט האַנט אויסגעדאַרט־דינער,
ווי אַ האַמער־הענטל,
נייט זי צו צו מיין זונס העמדעלע
די געלע לאַטע.
און דער מאַמעס פינגער,
פיל איך, זיינען קאַלט,
ווי אין אַ פראָסטיקן באַגינען אין תפיסה
די אייזערנע קראַטע.
מיין זון, מיין זיבניאָריקער זון, שטייט דערביי
מיט זיינע צעקוואַרטע איברימלעך
און פאַרגעלט פּנימל
און ציט די באָבען ביים אַרבל:
— ווו איז דער טאַטע? ...

## מיין מאַמע איז אַ קורלענדער

מיין מאַמע איז אַ קורלענדער.
דערמאָן איך זיך אַצינד
(איר ליבן נאָמען כ׳וויל קיין האָר ניט
לעסטערן)
אַ ביקס האָט זי גערופן — פלינט
און „נעכטן״ — האָט ביי איר געהייסן —
געסטערן.
און אַז ס׳פלעגט טרעפן —
ס׳בייכל טוט מיר וויי,
זי פלעגט ניט טראַכטן לאַנג
און געגעבן מיר אַ לעפל —
„ווינער־טראַנק״.
דער מאַמעס לעבערטראָן,
געדענק איך מער פון אַלץ —
צום בעטל פלעגט זי די רפואה
אונטערטראָגן
מיט אַ ביסן ברויט מיט זאַלץ
און זאָגן:
— צעעפן קאָרשט דיין שנעבעלע
און זאָל דיר ווויל באַקומען,
בעבעלע.

# די הרובקע רויכערט ביטער

אין שטוב אין מרה שחורה קאַלטער, ווינטערצייט,
די הרובקע רויכערט ביטער, ס׳גייען אַזש טרערן.
די מאַמע קערט איר פּעלצל אויסעט אויף דער לינקער זייט
און טופּעט, ווי אַ בער, עס זאָל אונדז פריילעך ווערן.
אַן אָנגעפּרווירענע זי ברענגט צו שלעפּן ליים,
כדי די רויכערדיקע שפּאַלטן צו פאַרשמירן.
מיין טונקעלע און ניט געררוימע היים
האָט בלויז די מאַמע מיט איר שיין געקאָנט באַצירן.

* * *

מיין מאַמע פלעגט אַרויפליגן
אויפן קאָפּ
איר האַנט אַנשטאָט אַ טיכל,
כדי אַ מוציא מאַכן
און מיר קינדער פלעגן שטיין
דערביי
און מיט הנאה לאַכן.
כ׳געדענק אויך אָבער,
ווי מיין מאַמע
האָט געריסן קריעה
און געשריִען,
ווען ס׳איז מיין טאַטע
אין דער טהרה־שטוב געלעגן.
אָ, וויפל כ׳האָב פון דעמאָלט
אויסגעמאָסטן וועגן,
געגאַנגען ברוסט אַנטקעגן ברוסט
אין בלוטיקע געשלעגן...

* * *

די באַלקאָנס זײַנען נאָך,
ווי כּוואַיע, פֿריש.
נאָך שטאַרצט פֿון ווענט
די פּאַקליע און די שטרוי.
אַבי אין מיטן שטוב
איז שוין פֿאַראַן אַ טיש
און לעם דעם אויוון
שטייט צעפֿלאַמט אַ פֿרוי.

## צום פייער אייביקן

אין מיטן זומערטאָג
איך פאַר פאַרזאָרגט
איבערן רווישנדיקן „פּלאַץ פון זיג".
שטויסט אָן זיך דורכן פענצטער פון טאַקסי
אין פייער אייביקן מיין בליק...
ווי אויסגעבלייכט עס איז ביי טאָג זיין פלאַם!
אין מענטשן־שטראָם,
אין דעם געלויף פון די מאַשינעס,
ווו פאַרן אויג איז קיין מאָל ניט געראַם.
דו פרווו דאָס בלאַסע פלעמעלע געפין עס
צופוסנס פון דעם אָנדענק־מאָנומענט...
דערפאַר אין מיטן נאַכט,
ווען קומסט אַליין
צום פייער אייביקן צו גיין, —
ווי ליכטיק דאַן עס ברענט...

## אויפן שטעטלשן יאַריד

טשיקאַווע גיין איבערן שטעלשן יאריד
פון ברעג ביז ברעג.
פאַרביי די הויפנס אויבסט און שטייגן עופות.
עס קוויטשען פון די זעק חזירימלעך אויף טריט און שריט.
איך קוק אויפן המון פון קויפערס און פאַרקויפערס.
צי דען בין איך בלויז איינער דאָ אַ ייִד?
אָן מיר עס ליאַרעמט, פילדערט דער יאַריד...

* * *

ווען ס'שלאָפט אין אָוונט אײן מײן טרײסט —
מײן טײער יינגל,
דאַן צו זײן קינדער־בעט ניט דרײסט
כ'קום צו אויף די שפּיץ פינגער.

פון זײנע הענטלעך כ'צי אַרויס
די בײדע רעוואָלווערן,
די שווערד, וואָס ליגט לעם אים אַנטבלויזט,
זײ זאָלן אים ניט שטערן.

ס'האָט אײנגעשטעלט מײן זון אַ כלל,
אַז שטענדיק פאַרן שלאָפן
ער נעמט אין בעט אויף יעדן פאַל
זײן אויסגעפּרוּווטן וואָפן.

איך האַלט די צאַצקעס און איך קלער —
אוי, קינדער־הערצער פילן...
צי דען מיט אמתן געווער
וועט אויסקומען אים שפּילן?

* * *

אַ כישוף־מעשׂהלע —
אַזוי פיל יאָר
געהאָנגען איז מיין לעבן
אויף אַ האָר.

נאָר ניט געוואָרט כ'האָב
אויף אַ רעטונג־לייטער —
געשפּרונגען, ווי אַ וועווריק,
פון איין סאָסנע אויף דער צווייטער.

געדונערט האָבן אונטן
העק איבער די שטאַמען.
און איך האָב אין דער הייך
מיין קאָפּ געשטרעקט
אין זונען־פלאַמען.

* * *

אַזוי פיל שישקעס אויף דער יאָדלע־קרוין,
און יעדערע איז רייף און גלאַנציק־ברוין.

אַ שטילער אָסיען־ווינט די יאָדלע וויגט,
און ממש כ׳פיל — עס ווערט דער בוים דערקוויקט.

די לאַסט פון פּרוכט מוז זיין די לייכטסטע לאַסט,
מיר דוכט, די יאָדלע ווינקט צו מיר און שפּאַסט:

„דער ווינט מיך קיצלט, גלעט מיין יעדן זוים,
פון אַט דער ערד וועט שפּראָצן דאָ מיין טרוים...״

די זון טוט אומגעריכט אין וואַלד אַ שיין,
עס איז דער יאָדלע צו מקנא זיין —

די שישקעס אָנגעפּיקעוועט געדיכט
זיך צינדן אויף איר קרוין, ווי טויזנט ליכט...

# נאַכסאָל

אַ גאַנצן טאָג זיך דרייט ביי מיר אין קאָפּ
פון ליבער היים אַ ווערטעלע — נאַכסאָל.
אין וואַלד איך בלאָנקע אום און שטעל זיך אָפּ
און שריי פון האַרצן אויסעט אויפן קול:
נאַכסאָל! נאַכסאָל!...
און פרעגט בחרם, וואָס דערביי איך מיין.
זאָל דוכטן, כ׳בין אַ פויגל (פּרוּווט פאַרשטיין),
וואָס חזרט אָן אַ סוף און אָן אַ צאָל
בלויז טריבע קלאַנגען צוויי —
נאַכסאָל! נאַכסאָל!...

* * *

נעמסטו מיך פון אָסיען־וואַלד אַוועק,
טוט זיך פון מיר אָפּ די שכינה.
צווישן יאָדלעס, דעמבן גאָלדיק־גרינע
איז אַן אוצר יעדער זונענפלעק.

ס׳שפּרייט איר דלאָניע אויס דער קליאָנען־בלאַט,
ס׳לויכטן זיך די אָדערלעך די דינסטע.
פּונקט אַזעלכע אויף מיין האַנט געפינסטו, —
קוק זיך צו, ווי ענלעך אַקוראַט.

מענטש צי בוים. ס׳איז שווער צו זאָגן, ווער
דאָרשטיקער די זונענבליטן זאַפּן.
אין דער העלקייט האַרבסטיקער איך הער,
ווי עס טיאָכקען אָדערלעך און קלאַפּן.

* * *

בײַ נאַכט, װען אין דער אָנגעהײצטער שטוב אין װאַלד
צו הרובע פלאַמיקער איז זיך ניט צוצורירן
און הינטער שויב אויף בײמער זיך די קאָרע שפּאַלט
פון פערציקגראַדוסדיקער גליִענדיקער קרירה, —
נשתומם כ׳װער, ס׳הילכט אינעם צימערל די גריל,
פּונקט װי אַ מענטש פאַרכלינעט זיך, פאַרגײט זיך,
און כ׳װײס ניט, צי זי כליפּעט, צי זי פרײט זיך.
עס ציטערן די סטעליע און דער דיל.
אָט־אָט איר האַרץ װעט פּלאַצן שױן, איך פיל.

— — — — — — — — — —

אין טײגע־װאַלד, אין פערציקגראַדוסדיקע פרעסט
ניט אײנזאַם כ׳בין, — די גריל זינגט אין מײַן נעסט.

* * *

ווי טייער זיינען מיר די שטילע רגעס
אין אָסיענדיקן גאָלדיק־העלן באַר.
איך דאַרף ביי קיינעם גאָרנישט, גאָרנישט פרעגן.
ס'איז אַלצדינג אַזוי אָנזיכטיק און קלאָר...
מיט וועווערקעס
און בלויערלעך
און סאָסנעס הער איך
דעם שאָרך פון פאַלנדיקער קליאָנען־בלאַט,
וואָס צווינגט מיך שטיין דערביי און קלערן:
אַזוי פאַלט שטיל אין פייער אַ סאָלדאַט.

# אין אַ זאַווײ

אַ ווינט, אַ פראָסט,
אַ שניי־זאַווײ
פאַרשיט־פאַרבלאָזט
מײַן ווינד־און־ווײ.

פון אויג פאַרשווינדט
דער ווײַסער טראַקט.
מיך האָט דער ווינט
אין פעלד געפּאַקט.

דער טאָג פאַרגײט —
אַ גרוי געוועב.
עס ווײט, עס דרייט,
די פיס איך שלעפּ.

קיין מינדסטער שפּור,
אַלץ אויסגעגלײַכט,
ביז סאַמע ברוסט
די הורבע גרייכט.

איך פויזע, קריך,
צעגראָב דעם שניי,
כ׳פאַרכלינע זיך
און גיי און גיי.

די נאָדל־קעלט
די פינגער שטעכט.
איך גיי און שעלט
אין אַ געפּעכט

פון פראָסט מיט בלוט,
פון מוט מיט שרעק.
אין ווייכן פוך
איך זוך דעם וועג.

און אָט פון שליאַך
דעם קאַלטן שטיין
כ׳טאַפּ אָן און לאַך
פאַר פרייד און וויין,

און לויף און פיל
דעם האַרטן גרונט.
כ׳דערהער — עס בילט
אין דאָרף אַ הונט.

אַ פענצטער מיר
אַ שמייכל טוט.
כ׳בין שיר, כ׳בין שיר...
נאָר אַלץ איז גוט.

און ווייטער זיין
אַזוי וועט, כ׳האָף,
מיט ברויט און וויין —
אַ גוטער סוף.

* * *

נעמסטו שפּילן,
ווערט מיר גרינגער,
היט זשע, טאָכטער,
דיינע פינגער.
איבער פידל
ווען זיי שוועבן, —
ווייסטו גוט דאָך,
טאָכטער־לעבן, —
ווערט די ווייסע וועלט
מיר ליבער.
פול מיט אומרו
כ׳בין דעריבער:
מיט אַ העלצל,
מיט אַ בלעכל
קענסט אַ פינגער
זיך פאַרשטעכן.
ביי דער פליטע,
בעתן פרעסן,
זאָלסט זיי היטן
ניט פאַרגעסן.
אין די שעהען
פון דיין שפּילן
מיינע ווייטיקן
זיך שטילן.

* * *

דער ווינט אויף דער אָסינע גיט אַ שפּיל
מיט אַלע גערע בלעטלעך מיט אַ מאָל.
צערוישן גלעקלעך זיך אָן אַ צאָל —
אַ וואַלדישער און האַרבסטיקער קאַדריל.

כאָטש נאָך אַ טאָג צו גובר זיין דעם ווינט,
צו קלינגען און זיך האַלטן אויף דער צווייג.
עס שמייסט דער ווינט און רייסט דאָס לייב און שינדט
פון יעדעם בלעטעלע.
איך קוק אויף דעם און שווייג...

# דער פּונקט

איך האָב דערלערנט שוין, דיר צו געפעלן —
מיט איבעריקע ווערטער זיך נישט וואַרפֿן.
פּונקט ווי דאָס לעבן, פילן איך באַדאַרף,
ווי אויסגעשעפּט — אַ פּונקט אַוועקצושטעלן.
מיר דינען זאָל ער, ווי אַן אָנשפּאַר־שטיין,
כדי זיך נישט צעפליסן, נישט צעשווימען,
און דאָס וועט זיין פאַר מיר דער בעסטער סימן,
אַז אונטער אים עס ריזלט שטיל דער חן.

## מיין דאָפּלוואַלד

אין מאַרץ שוין אַן געאייל די זון פאַרגייט,
הינטער די סאָסנעס שקיעה־פלאַם זיך שפּרייט.
אַ צווייטער באָר דאָרט וואַקסט פון העלער הויט,
ווו יעדער שטאַם און קרוין איז צונטער־רויט.
די צווייגן אויסגעשטרעקט ווי פייערהענט,
אַ דאָפּלוואַלד, וואָס פלאַקערט, העליש ברענט,
אַ טונקעלער, אַ בלויער פאַס באַזוימט
דעם רויטן באָר, וואָס איך האָב אויסגעטרוימט.
און צווישן גרין און רויט און רויט און גרין —
אַ גרויער פלעק אויף ווייסן שניי איך בין...

## צוויי בעריאָזעס

די רויטע פייערדיקע זון האָט ביים פאַרגיין
אַ בענקשאַפט אין מיין האַרץ איבערגעלאָזן:
באַלויכטן העל אין וועלדל אַ בעריאָזע;
די אַנדערע דערביי געבליבן איז אין שאָטן שטיין.
איך האָב זי פון דער זייט באַטראַכט
פאַרקלעמטערהייט.
זי איז געוועזן פינצטער, ווי די נאַכט,
איר שכנה האָט געשיינט און זיך געפרייט...

# יונגוואַלד

דער יונגוואַלד פֿון דער ווייט מיך ציט און רופֿט,
ס'דערקוויקט דאָס האַרץ די פֿרישע סמאָלע־לופֿט.
די סאָסנעלעך — איך שטעל אַזוי זיך פֿאָר —
אין האַלבן קרייז אַ גרויסער מיידל־כאָר,
אין גרין געקליידט. עס וואַרט דער ברייטער פּניאָק,
אַרויף דער דיריזשאָר זאָל. ווען כ'פֿאַרמאָג
דאָס לייכטע צויבער־שטעקעלע, וואָלט באַלד
אַ הילך געטאָן דאָס שענסטע ליד אין וואַלד.

## דער זשאַר נאָך טליעט

די זון פֿאַרגאַנגען איז...
נאָר פֿאַר מיין בליק
אַ פֿונק פֿון זשאַר נאָך טליִעט —
די קראָען קראַקען אינעם טונקלען וואַלד,
ווי עמעצער וואָלט מיט די ציין געסקריִעט.

די הוימלעכקייט אַנטרינט,
ס׳ווערט קיל.
ס׳דערטראָגט פֿון דאָרף דער ווינט
דעם ערשטן ביל פֿון הונט.
אַ שיינער יולי־טאָג אַוועק איז אָן אַ זיי־געזונט...

## מיין ראַבינע

דער ראַבינע
אַנטקעגן פענצטער מיינעם,
איך בין איר שוין געווים פון לאַנג דערוווידער:
איך נעם פון איר די אויגן ניט אַראָפּ
און לייען איר פון פרי ביז אָוונט לידער.
אין הויז דערביי אַ יונגינק מיידל לעבט.
זי האָט פון מיר פאַרשטעלט זיך מיט גאַרדינען...
די ראַבינע, זי ליידט, נעבעך, און שווייגט
און זעט און הערט מיך ווידער פון באַגינען.

* * *

נו, דאַכט זיך, וואָס —
אַ וואָלקן איז פֿאַרשוווּנדן,
און וויפֿל פֿרייד דערוועקן
די זונענפֿלעקן אויף די ווענט.

גלייך ס׳וואָלטן רירעוודיקע הענט
אַ פֿריילעך שייטערל
אין האַרץ ביי מיר צעצונדן,
און ס׳טוען שוין ניט ווי מיר מיינע ווּנדן.

* * *

וואָס עלטער ווער איך,
איינגעשרומפּן, קלענער,
אַלץ גרעסער זיך צעוואַקסן
מיינע פּלענער.

גראָד איצטער פּעלט מיר
פּראָסטער יונגער כּוח.
פֿאַר וואָס זשע אויף דער וועלט איז
אַלץ קאַפּויער ?

## אין אָנגעלאַף פון ווינט

די ביימערקרוינען
ווערן קוים אָנשווינגן,
און כ׳וואַרט מיט אומרו
און מיט פאַרגעניגן
אין וואַלד אין זומערדיקן
אויפן נייעם אָנגעלאַף
פון ווינט,
די שטאַלטנע סאָסנעס זאָלן ווידער
זיך צערוישן און צעווייגן.
ווייל לעבעדיקער וועבט זיך דאָן
און שפּינט
מיין דמיון-וועלט, וואָס איך באַשאַף.
און זילב מיט זילב
און טראַף מיט טראַף
געשמאַק זיך בינדט
אין יונגן רוישנדיקן אָנגעלאַף
פון זומערדיקן ווינט.

* * *

די צייט וועט אונדז ניט איין מאָל נאָך
צעפּאַטלען און צעשויבערן.
נאָר דאַרף איך דען אַצינדער קלערן פון דעריין,
ווען כ׳האָב פאַר זיך אַ זומערוואַלד אין אָוונטשײַן
און דער קוקאַוועס זילבער־קוקו מיך באַצויבערן.
עס ווערן אין מיין האַרצן זיס צעגאַנגען
די אייביקע באַדאַכטע פויגלקלאַנגען.

## אוי, ווי שווער...

אין וואַלד אין געדיכטן,
ווען דו גייסט פאַרקלערט,
ספּאַטיקעסטו זיך
אין די ביימערשע וואָרצלען,
וואָס שטאַרצן אַרויס פון דער ערד.
און דאַן ערשט באַמערקסטו,
ווי גיבורדיק מעכטיק עס פלעכטן זיך איבער
די וואָרצלקנופּן
פון די ריזיקע סאָסנעס און יעלן.
ניט ווילנדיק גיב איך אַ טראַכט
(איר וועט פון מיר לאַכן) —
אוי, ווי שווער אויף דער ערד איז
עפּעס איבערצושטעלן
און איבערצומאַכן...

## אַ סעודה גרייט

ס'פֿאַלט אָוונט צו,
דער ווינט אין ים שוין ווידער
כוואַליעס שוימיקע,
ווי ליילעכער פֿאַרשפּרייט.
אוי, וועמען ווילסטו ווינט, אין זיי
פֿאַרוויגן און פֿאַרליולען ?
דער ים־ווינט רוישט אין געזיכט
מיט ווילדער פֿרייד :
— וואָס פֿאַרא ליילעכער ? —
ס'איז קלאָרע ווייסע טישטעכער,
אַ סעודה כ'גרייט.
דריי טעג און נעכט
צוזאַמען מיטן ים כ'וועל הוליען...

# טשעכאַרדאַ

כ׳קאָן שעהען שטיין
ביים ברעג פון ים
צו זען מיר ווערט אַלץ ליבער,
ווי קונציק־פלינק
אַ כוואַליע שפרינגט
די אַנדערע אַריבער.
נאָר זי אַליין
באַווייזט נאָך ניט
זיך גוט אַרומצוקוקן —
אַן אַנדער כוואַליע
יאָגט זי אָן
און שפרינגט
איבער איר רוקן.
ס׳דערמאָנט זיך, ייִנגלווייז
איז אונדז
אַזאַ מין שפיל געפעלן —
מיט אינטערוואַלן
פלעגן מיר
זיך אָנגעבויגן שטעלן,
און איינער
איבער צווייטן שפרינגט,
ס׳האָט „טשעכאַרדאַ״ געהייסן.
די זעלבע שפיל
די כוואַליעס אויבעט
אויסגעצייכנט ווייסן.

## ווען כ׳גיי אַליין פון בענקשאַפט אויס

איך קוק, ווי איין בעריאָזע שפּאַרט זיך
אָנעט אין דער צווייטער.
אַפילו, ווען ס׳איז מעגלעך,
וואָלט פרעגן ניט געפּאַסט — ס׳מאַכט זים די לאַסט
פון ווייסן אַקסל? — און וועמען איז עס נייטיק
די קשיות שטעלן,
ווען כ׳גיי אַליין פון בענקשאַפט אויס
אין וואַלד אין מאַרציקן און בלענדיק־העלן?...

## די פינקלענדיקע רונדקייט

אַ לבנה שווימט אַ דינע, דינע,
גאָר אַן אַכטל שוין לבנה
צי אַ צענטל.
ווי אַ קינדער־שיפעלע אַ פלאַכס,
ווי דאָס מולטערל פון אַ פערגאַנער דיניע,
ווי דער שנאָבל פון אַן ענטל, —
אַ פאָזשאַרניקס היטל ליגט פאַרקערט
מיט דער פינקלענדיקער רונדקייט צו דער ערד.

## מיינע ברכות דעם ווערוריקל

אַ ווערוריקל איז מיר אין אָסיענדיקן וואַלד
דעם וועג אַריבער
און איבער שטאָם פון יעל שווין קלעטערט שנעל.
איז מיר געוואָרן אויפן האַרצן העל:
געזונט זאָלסטו מיר זיין, מיין שקאָץ מיין ליבער,
עס זאָל דיך מיידן יעטווידע געפאַר,
דו זאָלסט ניט וויסן פון קיין בייז און צער.
איך ווינטש אַ ווינטער דיר אַ פריילעכן און זאַטן.
מיר זאָלן ווידער טרעפן זיך,
וואָלט גאָרניט שאַטן,
נאָר גאָט ווייס...

## מעכטיקע זיילן

אָסיען, באַגינען אין באָר.
קיל און טוייִק,
זוניקע זיילן
צווישן דער כוואָיע.
זיילן קאָליריקע,
דורכזיכטיק־קלאָרע,
מעכטיקע שטאַמען פון ביימער
אָן קאָרע.
מאָדנע, ווי ס'ציט
אונטער שטאַם אונטער העלן
מיין אַקסל מיט פלייסיקייט
אונטערצושטעלן.
בלענדן די אויגן מיר —
שטראַליקע שפּיזן,
מעכטיקע זיילן,
זוניקע ריזן...

## דער פּאָדעם

ווי קאָמיש ס'דרייט דער ווינט אין אָסיען־באָר
אַ בלעטל,
וואָס אויף אַ שפּינוועבס־פּאָדעם הענגט,
ווי אויף אַ דרעטל.

אַ רגעלע דער ווינט הערט אויף
דעם בלאַט צו וויגן
און נעמט זיך ווידער פאַר דער זאַך
מיט פאַרגעניגן.

דאָס בלעטל האַסטיק שווינדלט,
ווי אַ צענטריפוגע...
דער ווינט ווערט פון דער שפּיל
אַזש ווילד — משוגע,

וויל מיטן בלעטל זאַלבעצווייט
זיך קרייזן, קרייזן...
דער פּאָדעם, וועלכער האַלט עס אויס,
איז שטאַרק, ווי אייזן.

* * *

דער אָקאָרשט-געבוירענער מולד אין הימל —
אַ קלאַמער אַ דינער — שיינט זילבערדיק-צאַרט.
אַריינשרייבן וואָלט איך אין אים, וואָס מיך קימערט
ביז ביין, וואָס מיך רירט און מיך אַרט.
נאָר ס׳בלייבן דאָך ניט קיין פאַרמאַכטע די קלאַמערן...
פונקט נאָך אַזאַ דינינקן קלאַמער אויסהאַמערן
ווען כ׳קאָן פון לבנהקן זילבער דעם בלענדיקן,
ווי שיין ס׳וואָלט מיין ליד זיך פאַרענדיקן.

* * *

איך שטיי מיט מיין שטעקן ביים ים,
אַ שמייכל אין זיך פאַרבאַהאַלטן,
כ׳וועל, ים, דיך, ווי משה רבינו, ניט שפּאַלטן.
אַזוי זיך איך שטיי מיר דאָ, סתם.
די כוואַליעס, די זון און דער ווינט
מיר גלעטן די ווונדן די אַלטע.
און כ׳פריי זיך דערפון, ווי אַ קינד.

## אַ טאָפּלדיקע קינדער־שפּיל

דאָס פֿינפֿיאָריק יינגעלע
וויל וווּנדער מיר באַווייזן.
אַ שליידער גיט אין טייך דעם שטיין,
עס זאָלן ווייט זיך, ווייט צעגיין
די כוואַליעלעך און קרייזן.
כ׳בין עלטער מיט אַ האַלב יאָרהונדערט.
איך שליידער ווערטער אין מיין העפט
און וויל
די וועלט זאָל זיין געפּלעפּט
פֿון וווּנדער.

* * *

ס׳געפֿעלט מיר, ווען די כוואַליע
רוימט בלחש
דעם ברעג אַ סוד מיט מילדן קלאַנג מיט ווייכן:
— איך ווינטש דיר, ערד, פֿון טיפֿסטע תּהומען נחת.
פֿון טריישאַפֿט גייען אוים ביי מיר די כּוחות.
איך לאַשטשע דיך און קוש דיין זוים פֿון קלייד.
דיין יעדן שטיין איך שלייף, פֿאַליר מיט פֿרייד.
און ס׳איז קיין טראָפּן ניט איבערגעטריבן,
אַז אייביק, אייביק, וועל איך, ערד, דיך ליבן.

* * *

דאָס צווייגל וויגט זיך,
צי‌טערט לאַנג.
פאַרשטיי איך שוין,
מיט וויפל דראַנג
און גרויסן כוח
עס קומט דעם פויגל אויס
זיך אָפּצושטויסן,
אויפפליִענדיק אין דער הויך.

* * *

די אויער־לעפלעך דיינע צאַרטע,
די קלינגענדיקע טריט די האַרטע,
דיין בליק, וואָס שענקט מיר פֿודן פֿרייד,
צערודערט האָבן זיי מיין זינען.
און אַלץ, וואָס כ׳טרוים נאָך צו געווינען,
פֿאַרשפּילן בין איך מיט דיר גרייט.

* * *

איך רוף אין דמיון דיין געזיכט,
די טרייע שיין פון דיינע אויגן.
פאַרשטעלט דיין אָנבליק אומגעריכט
גאָר ניט געשטויגן, ניט געפלויגן
אַ פרוי, וואָס כ׳האָב איין אויגנבליק
געזען אין אַ המון-געזעמל,
מיט אפשר פופצן יאָר צוריק
און קלאָר, אַזוי ווי אין אַ רעמל,
וואָלט אויף מיין טיש איר בילד געשטאַנען...
ווי קומט אַזאַ מיראַזש,
פון וואַנען?

* * *

ווערסט אומעטיק
און טונקל,
ווי דער וואַלד,
בעת אומגעריכט
די זון זיך פאַרבאַהאַלט.
נאָר ס'פרייט מיך,
וואָס דאָס וואָלקנדל איז קליין.
און ווידער לויכט דיין פּנים
פול מיט חן.

* * *

זע, איין וואָרצל דריי בעריאָזעס אויסגעכאָוועט האָט.
וויגן זיי זיך אום, ווי שוועסטער אין אַ קאַראַהאָד.

אין דער הייך די גרינע קרוינען, ווי איין קאָפּ געקרויזט.
און די ליכטיק־ווייסע שטאַמען פאַרן וואַלד אַנטבלויזט.

ווילט זיך מיר אַנידערשטעלן אינעם יונגן קרייז.
מיינע הענט צענעם איך תּיכּף, צו די שוועסטער כ׳שפּרייז.

די בעריאָזעס זיך צערוישן, נעמען מיך אַריין
און איך טאַנץ און זינג מיר אונטער, ביי לבנה־שיין.

* * *

אַ ווינטל בלעטער שיט אויף אונדז און שיט.
צו זאָגן דיר מיין צונג מיך ממש בריט —
איך וואָלט אַזוי מיט קושן דיך באַשאָטן... —
דו גייסט מיט מיר. דיין האַנט אין מיינער כ׳האַלט.
אַ בליאַסק גיט זון אין אָסיענדיקן וואַלד
און שענקט אויף ס׳ניי די שפּיל פון שיין און שאָטן.

* * *

אין בונטן פילקאָלירנדיקן קלייד
שיינסט, מיידל, ווי אַן אַפריקאַנער פּאַווע.
דיין קלייד האָט קעשענעס, וואָס זיינען ברייט
ווי טאָרבעס. פלינק מיין קאָפּ מיין קוטשעראַווען
אַוועקלייגן אין איינער כ׳וואָלט פון זיי,
ווי אין אַ שוים. דאָרט וואָלט געווען אים בעסער.
און אין דער אַנדערער וואָלט איינס-און-צוויי
אַריין אַ רייפער קאַוון אַן אַדעסער.

* * *

געבענטשט איז דאָס שווייגן.
מיר בעטן מחילה דאָס ברייען.
מיר ווען אייך, ווערטער, פֿאַררופֿן,
ווען צייט וועט אונדז סטייען.
די אויגן קיין בייז זאָל ניט שאַטן,
מיט טריישאַפּט אונדז דינען,
דעם חן איינםביים צווייטן,
ווי קוואַליקע פֿרישקייט געפֿינען.
דיין שמייכל דיין שטילער,
די אברים געטאָקטע, וואָס בלענדן,
פֿאַרטראָגן קיין רייד ניט,
צו זיי בלויז מיט קושן זיך ווענדן.
נאָר כ'האָב אין מיין האַרצן,
אַזוי ווי אַן אוצר פֿאַרבאָרגן —
באַגינען דיר זאָגן :
— מיין נחת, מיין לעבן, גוט מאָרגן !

* * *

אַ גאַנצן טאָג דער רעגן גייט און גייט.
כ׳געפין זיך ניט קיין אָרט פון אומעט.
ביסטו, מיין טרייסט, אַריינגעקומען
(פיטש-נאַס די זאָקן און דאָס קלייד)
מיט ווייַן אַ פלאַש
און זאָגסט מיר: „טרינק געזונטערהייט!”
איך האָב דיך אין פיר קאָלדרעס איינגעדרייט,
פאַרדעקט די פיס דיר מיט מיין קישן.
און צוגערוקט צום בעט דאָס טישל,
געפּאָיעט דיך מיט הייסער טיי
און קאָניאַק-טראָפּנס.
און דיר מיין קאָפּ אַוועקגעלייגט
צוקאָפּנס...

# ביים פענצטער שטיי

כ׳האָב ביי טאָג פֿאַרצייכנט זיך גענוי,
ווי אַזוי צו דיר אין אָוונט קומען,
וועלכע סטעזשקע מערער איך פֿאַרטרוי,
שטיינדלעך זאָלן אונטער טריט ניט זשומען;
ניט צעברעכן כ׳זאָל אַ קוסט, אַ צווייג,
ניט צעטרעטן אין דער פֿינצטער בלומען.
דו אַליין ביים פענצטער שטיי און שווייג,
ווען איך וועל צו דיר, מיין ליבסטע, קומען.

* * *

ווען פונעם באַרג־אַראָפּ, אויף אַספּאַלטירטן שטעגל,
דערהער איך הינטער זיך דאָס קלאַפּן
פון פּרויען־קנאַפּעלעך, — אוממעגלעך
איז ניט אָפּצושטעלן זיך, אַ קוק צו כאַפּן,
ווער ס'שפּאַנט עס אַזוי שטייף און יונג,
וואָס יעדער טראָט רופט אָפּ זיך אין דעם האַרצן
מיט אַ קלונג.

* * *

איך וואַרט אויף דיר בײַ טאָג,
בײַ נאַכט,
מײַן טיר איז פֿאַר דיר אָפֿן.
אַזש ביז באַגינען בין איך וואַך.
טויט־מיד איך ווער אַנשלאָפֿן.

דאַן קומסטו שטיל אַרײַן, מײַן
פֿרייד,
אַ צעטעלע לאָזסטו איבער:
— שלאָף, שלאָף געשמאַק,
געזונטערהייט,
אַ פֿעפֿער ביסט, מײַן ליבער.

* * *

ס׳דרייט אַ זאַווערוכע, ס׳רוישט דער פּאַרק,
ס׳וואַרפט דער ווינט פון סאָסנעס הרודעס שניי,
טרעפן קאָן אַ הליבע איינס-און-צוויי,
רוק איך אָן דעם קאָלנער אויפן קאַרק,
נאָר אַוועקגיין קאָן איך ניט אַצינד,

כאָטש עס וואַרפט מיך פון די פיס דער ווינט
און פאַרפּראָשעט בין איך און פאַרוויט —
ס׳דאַרף אַהערצו אָנקומען מיין פרייד,
קומען, קומען דאַרף מיין גרויס געווינס
אין אַ שיינעם היטעלע אַ גרינס.

* * *

אויף שניישיך גיך אַ מיידל פאָרט אין רויטן היטעלע
דורך וויסן וואַלד.
און ס׳שווינדלען אירעביידע ליזשע-שטעקנס.
— מיט מיינע צוויי וואָלט זיין שוין אַ באַדעקנס, —
טו איך אַ שפּאַס. זי גליטשט זיך אויס און פאַלט:
— דאָס בין איך, — ענטפערט זי, — געפאַלן פון געלעכטער.
איר האָט דאָך שוין צוויי גרויסע כלה-טעכטער. —
איך שטרעק איר אויס אַ האַנט. איר אויפהייבן זיך כ׳העלף.
— צו רויטע היטעלעך זיך קלעפּן שטענדיק וועלף, —
גיב איך אַ זאָג דעם יונגן מיידל סתם.
וואָס טוט ניט אַ פּאָעט צוליב אַ גראַם?

* * *

ווען כ'פֿאַל אַריין
אין חן־גריבעלעך דיינע,
איז ווער וואָלט מיך פֿון דאָרט אַרויסגעצויגן?
אַז אָט־אָט דיינע ליפּן זיינען,
און אָט־אָט — דיינע אויגן.
אַ בער איז גרינגער
פֿון דער נאָרע צו פֿאַרטרייבן.
כ'וואָלט דאָרט שוין, אין די גריבעלעך,
פֿאַרבלייבן.
איך וואָלט אַ בענקעלע
פֿון שמייכעלעך געמאַכט זיך,
געזעסן און געלאַכט זיך.

## אונטער פיר אויגן

כ׳האָב פשוט און פּראָסט זיך געצויגן
צו זיין מיט דיר אונטער פיר אויגן.

האָט שטענדיק אַזוי זיך געמאַכט —
געווען זיינען זעקס אָדער אַכט.

כ׳פלעג זיצן אין ווינקל בשתיקה,
אַלץ ווענדן צו דיר מיינע בליקן...

— „ווען דיינע מיט מיינע זיך טרעפן״...
נאָך ברייטער די אויגן כ׳צעעפן.

דו שמייכלסט און טוסט צו מיר זאָגן:
— איר זייט עפּעס זייער צעטראָגן... —

און קערסט זיך גלייך אוים צו אַ צווייטן.
איך ביים זיך די פינגער ביז ווייטיק.

נאָר דאָך איז געקומען די רגע —
מיר האָבן זיך ביידע באַגעגנט.

מיט ציטער אין קול מיינעם כ׳טענה:
— פיר אויגן, נאָר דיינע און מיינע.

דיין קאָפּ כ׳האָב צו זיך צוגעצויגן.
פאַרמאַכסטו גאָר פלוצעם די אויגן...

# אַדליגע

אַן אַדליגע. אוי, ווי מסוכן גליטשיק איז
צו גיין ביי טאָג איבער געגלאָזטע טראָטואַרן.
פון סטרעכבע ווינקט אַ זוניק־פינקלענדיקע שפּיז:
„נעם מיך אין האַנט, ביסטו באַוואָרנט פון געפאַרן"...

איך שאַר זיך פאָרזיכטיק. איך צייל כמעט די טריט,
און ראַפּטעם איך דערזע (איך קוק פאַרגאַפט מיט קנאה):
אַ יונגינק מיידל איילט, און ממש, אַז זי פליט
אין פיינע לייכטע שיכלעך געלבלעך־גרינע.

עס דאַכט: ניט איבער אייז — איבער אַ זומערפעלד
זי גייט פאַרביי דעם דופטיק־בליִענדיקן קאָרן.
עס דאַכט: ס'האָט דורכגעשוועבט פאַר מיר
מיין יונגע וועלט —
די ערשטע אַכצן פרילינגדיקע יאָרן.

איך גיב אַ קער דעם קאָפּ. דאָס מיידל שוין פאַרשווינדט.
די לייכטע שיכלעך האָבן נאָך אין שניי געגרינט...

* * *

איך האָב דיר קיינמאָל ניט דערזאָגט...
כדי דאָס עפּעס צו דערזאָגן,
איך מוז זיך גוט פֿונאַנדעריאָגן,
מיין צווייפֿלפֿלויט אַריבערשפּרינגען.

און דאַן ערשט כ'ווייס ניט, צי פֿאַרמאָגט
כ'וואָלט דרייסטקייט און זיך קאָנען צווינגען
דיר זאָגן, וואָס כ'האָב ניט דערזאָגט.
איך וואָלט אַ ליגן אָפּגעטאָקט...

* * *

ווען ס'האָבן נאָכן קריג
די ווּנדן מיינע זיך פֿאַרהיילט,
כ'האָב ניט געשוווירן דיר,
אַז כ'וועל דיך אייביק ליבן, —
אַן עפּל כ'האָב אויף העלפֿטן צוויי צעטיילט
און אין דיין העלפֿט זיינען די קערנדלעך געבליבן...
האָסט מיר געבוירן קינדער דריי.
די נעסט כ'היט טאָג און נאַכט געטריי.

## אַ היפּוך גאָר פון דעם

אין דובולטי אַ פרילינגדיקער כ׳שטיי אויף דער פּלאַטפאָרמע,
ביי דער באַן-ליניע פאַרחושט, פאַרדאגהט
און וואַרט מיט האַרצקלאַפּעניש, מיט אומגעדולד איך קוק...
ס׳כאַפּט אויף מיין אויג — דאָרטן
ליגבן בולדורי, צי דזינטאַרי,
צווישן דער זיך שפּיגלדיקער לעלופּע און וואַלד,
פויזעט, ציט זיך, ווי אַ גרינע רויפּע אויף אַ צווייגל,
דער עלעקטראָ-צוג.
עס הערט זיך נאָך קיין קאַפּל ניט
די וויכערדיקע רוישקייט פון די וואַגאָנען,
דו זעסט ניט זייער שווינדלענדיקע האַסטיקייט.
אַ היפוך גאָר פון דעם, וואָס אין מיין האַרץ זיך טוט.
נאָר אָט דער צוג דערנענטערט זיך,
לויפט אָן פונקט, ווי דער פרישער ווינט פון ים.
איצט שלאָגט און טיאָכקעט שוין אין מיר מיין בלוט
אין איינקלאַנג מיט די הודענדיקע קנאַלנדיקע רעדער.
מיט אָטעם מיט פאַרטייעטן
ביי דער פלאַטפאָרמע שטעלט די באַן זיך אָפּ.
די טירן באַלד צעפּראַלן זיך,
און איך דערזע דיך,
טייערע,
נאָך איידער פון די טרעפּלעך שטייגסט אַראָפּ.

# אַ נס

מיר חלומט זיך:
כ'קלאַפּ שטיל צו דיר אין טיר —
טוק — טוק — טוק —
איך זאָג דיר מיט אַ ציטעריקן קול:
כ'האָב דיר געבראַכט צו דיין געבוירן־טאָג
אַ האַלב טוץ טעלערלעך פון הימל און אַ קרוג
פון לבנהקן קרישטאָל פאַר פייגלמילך.
דו ענטפערסט מיר מיט אַ געהילך:
— וואָס טראַסקעסטו אין טיר? —
ס'ט'מיך, ווילדע בריה אויפגעוועקט:
דו לייג אַוועק אין פירהויז דיין מציאה
און קום צו גיין אַן אַנדערס מאָל...
כ'שטיי אין געהאַקטע ווונדן,
אין פירהויז פינצטער איז,
כאַטש טאַפּ די ווענט.
אַ בייזע שטראָף —
עס האָט דאָס פּעקל זיך צעבונדן,
אָט־אָט זיך גליטשן אויס
די הימל־טעלערלעך פון מיינע הענט.
אַ נס! זיך אויפגעכאַפּט איך האָב פון שלאָף,
אַניט וואָלט אַלץ ביי מיר צעבראָכן זיך געקענט.

* * *

זי בייגט זיך יעדער ווײַלע אָן,
געפינט
אַזוי פיל רויטע רײַפע פּאַזימקעס אין באָר.
די לופט פון זיי ווערט דופטיק־זים.
און איך בין פשוט בלינד,
איך זע פאַר מײַנע אויגן נאָר
די גאָלדענע באַזונטע הערעלעך
אויף אירע שיינע פּיס.

* * *

כ׳וואָלט דיך בעטן, ווײַלע,
ניט קיין סך —
לערן מיך
דײַן שיינע אויגנשפּראַך.

ענטפערט זי אויף קלוגן
שמייכל־לשון —
גראָדע אים פאַרשטיי איך
גאַניץ נישקשה —
און מיט ווערטער קלינגט עס,
אומגעפער:
אַלטע גיט זיך שפּראַכן
זייער שווער...

* * *

זי האָט פון שניי
אַ שילערישן מעקער אויפגעהויבן
און מיר דערלאַנגט:
— אייך קומט דאָך עפּעס אויס
צו מעקן,
דאַרף מען גלויבן,
כ׳נעם איר געפינס אין האַנט
און זאָג:
אַ דאַנק, אַזוי פיל מעקערס איך פאַרמאָג,
וואָס זיינען גרייט ביי מיר אַלץ
אויסצושטרייכן, אָפּצורייבן,
עס זאָל קיין שריד און קיין פליט
ניט פאַרבלייבן...
נאָר אייער איז מסתם מיט חסד
און מיט גנאָד.
טאָ זאָל ער ליגן אין מיין טיש־שופלאָד.

# אינהאַלט: